ד ו ד  ג י י ס ט

# דאס לעבן אליין



אַרויסגעגעבן פון אַ חברים־קאָמיטעט
בוענאָס איירעס
1957

פאַר מיין חברטע און
לעבנסבאַגלייטערין חוה
— מיין בוך אַ מתנה.

# אינהאַלט

# אַ וואָרט פון מחבר

מיט אַן אמתדיקן ציטער אין האַרצן, גיב איך איבער דעם יידישן לייענער מיין בוך „דאָס לעבן אַליין", וואָס אַנהאַלט אַ ציקל לעבנס־שילדערונגען.

די דאָזיקע שילדערונגען זענען אַ פּועל־יוצא פון יאָרנלאַנגע באַאָבאַכטונגען און מיין קאָנטאַקט מיט מענטשן פון פאַרשידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און ביי פאַרשידענע אומשטענדן. מיט די העלדן פון מיינע שילדערונגען האָב איך מיך באַקענט בעת מיינע וואַנדערונגען איבער די בוענאָס איירעסער גאַסן זייענדיק באַשעפטיקט מיט פּעדלעריי.

שוין פון מיין פריסטער יוגנט אָן לעבנדיק נאָך אין מיין געבוירן־שטאָט, וואַרשע, האָב איך געפילט אַ דראַנג צום שרייבן, איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין מוט דעם דאָזיקן דראַנג צו רעאַליזירן.

קומענדיק גאַנץ יונג קיין אַרגענטינע אין אַ נייער סביבה פון פאַרשידנאַרטיקע מענטשן האָבן די דאגות־פּרנסה צוגענומען ביי מיר מיין יוגנט־חלום פון שרייבן. ערשט מיט יאָרן שפּעטער, אַדאַנק דעם סטימול פון מיינע חברים: העלאַ און זלמן גורמאַן און משה לייוואַ, האָב איך אָנגעהויבן שרייבן מיינע דערציילונגען, אייגנטלעך פאַר זיך אַליין, נישט טראַכטנדיק אַפילו, אַז זיי וועלן ווען עס איז קענען קומען פאַר דער עפנטלעכקייט. דאָך ווען עס האָבן זיך שוין אָנגעזאַמלט ביי מיר אַ ריי שריפטן, האָב איך מיך אָנגענומען מיט מוט און זיי איבערגעטראָגן צו מיין חשובן פריינד שמואל ראָזשאַנסקי אין דער רעדאַקציע פון „די אידישע צייטונג" ווו אַ טייל פון זיי זענען צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן. שפּעטער האָט אויך „די פּרעסע" אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן מיינע דערציילונ־

גען, וועלכע זענען אַגב אויך איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַ גאַנצער ריי יידישע צייטונגען און זשורנאַלן.

איך גיב זיך אָפּ אַ גענויעם דין וחשבון, אַז עס פעלט מיר נאָך אַ סך צו שרייבערישער רייפקייט. דאָך האָף איך, אַז דורך דער סע־ריע דערציילונגען פאַרעפנטלעכטע אין דעם דאָזיקן בוך, האָב איך אַרויסגעבראַכט פאַר דער עפנטלעכקייט אַ ריי פּראָבלעמען און גע־שילדערט טיפּן און געשטאַלטן פון דעם יידישן און אַלגעמיינעם לעבן אין אַרגענטינע.

איך וויל אויסדריקן אַ האַרציקן ישר כוח דעם צענטראַל־פאַר־באַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע — נאַציאָנאַל־ראַט פאַרן שאַפן דעם חברים־קאָמיטעט, וואָס האָט געזאָרגט אַז דאָס דאָזיקע בוך זאָל דערשיינען.

איך האָף, אַז דער יידישער לייענער וועט אויפנעמען דאָס דער־שיינען פון דאָזיקן בוך מיט פריינדשאַפט און סימפּאַטיע.

# די אַטלעסענע קאַפּאָטע

געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק פון
מיין אומפאַרגעסלעכן פאָטער און מדריך
**שלמה זלמן גייסט ע״ה**
וועלכער איז געשטאָרבן אין וואַרשע־
ווער געטאָ אין עלנט און נויט, אין
יאַנואַר 1943.

יעדעס מאָל, ווען מיין מאַמע פלעגט דאַרפן עפּעס אַרויסנעמען פון דער שאַנק און אַז איר בליק איז געפאַלן אויף דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, וואָס איז געהאַנגען איינגעניית אין אַ ספּעציעלן געוואַנט, פלעגט זי זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכטן און מורמלען אין זיך אַ תפילה.

דאָס איז געווען אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער טאַטע, אַ מאָביליזירטער אינעם זאַפּאַס, פלעגט אַרומוואַנדערן מיטן אָבאָז אינעם טיל פון די פראָנטן, אין פאַרשיידענע געגנטן ווו ס׳זענען פאָרגעקומען די שלאַכטן מיט דייטשן אָדער עסטרייכער.

דאָס ערשטע יאָר פלעגן מיר פון צייט צו צייט באַקומען פון אים אַ טרייסט־בריוו אָדער געלעגנהייטלעך פלעגט ער מיטשיקן אַ גרוס.

מיטן אַריינקומען פון די דייטשן קיין וואַרשע, איז איבערגעריסן געוואָרן די קאָרעספּאָנדענץ מיטן טאַטן. מיר האָבן אַבסאָלוט נישט געוווסט ווו ער געפינט זיך. באַמיאונגען דורכן רויטן קרייץ, עפּעס געוויר צו ווערן, האָבן זיך נישט איינגעגעבן.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז האַרט פאַרן מלחמה־אויסברוך, האָט דער טאַטע זיך באַשטעלט די אַטלאַסענע קאַפּאָטע צו אַ חתונה פון אַ נאָענטן קרוב, אָבער דער גורל האָט אים צוגעגרייט אַ ביטערן סורפּריז:

אנשטאָט צו באַנייען די קאַפּאָטע, האָט ער די זעלבע וואָך באַנייט אַ סאָלדאַטסקן שינעל...

ס׳האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון דאָס בילד, ווען דער טאַטע, אָנגעטאָן אין זעלנערישע מלבושים, איז זיך געקומען געזעגענען: מיט אַ ראַניעץ אויף די פּלייצעס, אין אַ היטל אָן אַ דאַשעק מיט אַ קריינדל אין מיטן. דער טאַטע האָט געטראָגן אַ באָרד, שטענדיק געקליידט אין די טראַדיציאָנעלע יידישע בגדים, אַ געהאַקטע קאַפּאָטע און דאָס ספּעצי־פיש יידיש היטעלע, וואָס מען פלעגט טראָגן אין אַמאָליקן פּוילן. ער האָט אין דעם מאָמענט עפּעס אויסגעזען עקזאָטיש, גאָרנישט צום דערקענען... מיר, די קינדער, האָבן געלאַכט קוקנדיק אויפן טאַטן. אָבער די מאַמע האָט געהאלטן אין איין וויינען. דער טאַטע האָט זי געהאַלטן אין איין טרייסטן. אין דעם האָט זיך געעפנט די טיר, ס׳איז אַריינגעקומען דער שניידער מיט דער קאַפּאָטע... ערשט איצט האָט זיך דער טאַטע צע־וויינט, און די ראָל האָט זיך געביטן: די מאַמע האָט אים געטרייסט, אַז מיט גאָטס הילף וועט ער צוריקקומען אַ געזונטער, וועט ער באַנייען די קאַפּאָטע...

מיינע עלטערן האָבן געצויגן די היונה פון אַ סטראַגאַן מיט שניט־סחורה אין איינעם פון די באַזאַרן אין אַמאָליקן וואַרשע (אין אולריכס הויף, אויף דער באַגנע גאַס, מיט אַן אַרויסגאַנג אויפן גזשיבאָוו). דאָס ערשטע יאָר פון דער מלחמה האָט די מאַמע נאָך געפירט דעם האנדל. איך בין דעמאָלט אַלט געווען צען יאָר. לויט מיינע דעמאָלטיקע מעג־לעכקייטן האָב איך מיטגעהאָלפן אין דער פרנסה. מ׳האָט ווי עס איז דורכגעשטופּט די צייט. די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל געביטן מיטן אַריינקומען פון די דייטשן. אַלץ האָבן זיי רעקוויזירט. אַלץ איז געווען טריף. דער שמוגל־האנדל האָט אָנגעהויבן בליען. און צו דעם האָט מיין מאַמע זיך נישט אויסגעטויגט.

די אָרעמקייט און די נויט האָבן זיך איינגענעסטעט ביי אונדז אין שטוב. און דער קעניג הונגער איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער אַן אָפטער גאַסט. דאָס ביסל סחורה, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן, איז שנעל פאַר־קויפט געוואָרן. ווי אויך דאָס ביסעלע צירונג. ס׳איז געקומען די ריי

אויף די שטוב־חפצים. כאָטש פאַר דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע האָט מען געקאָנט באַקומען אַ גוטן פּרייז, קיין בעלנים האָבן נישט געפעלט, האָט די מאַמע שטענדיק איינגעחזרט מיט די קינדער, אַז זי וועט אַלץ פאַר־קויפן, נאָר דעם בגד וועט זי איבערלאָזן פאַרן טאַטן. צו זיין צוריקקומען פון דער מלחמה, וועט ער באַנייען די קאַפּאָטע...

פיר יאָר צייט איז די קאַפּאָטע געהאנגען פאַריתומט אין דער שאַנק און געוואַרט אויף אַ תיקון. אָבער זי האָט זיך דערוואַרט: פּסח־צייט פון 1918 האָבן מיר פּלוצלינג אומדערוואַרט באַקומען אַ בריוו פונעם טאַטן, אַז ער געפינט זיך אַלס רעפּאַטריאירטער פון רוסלאַנד אויף קאַראַנטין אין מינסק־מאַזאָוויעצק, אַ שטעטל נעבן וואַרשע, און אַז אין געציילטע וואָכן אַרום קומט ער אַהיים...

דער סורפּריז און די פרייד זענען געווען זייער גרויס. מיר האָבן זיך געגרייט אויפצונעמען דעם גאַסט.

די חברה „אהבת אחים”, פון וועלכער דער טאַטע איז געווען איינער פון אירע גרינדער און לאַנגיאָריקער מיטגליד, האָט איינגעאָרדנט לכבוד אים אַ מלוה־מלכה. די חברה האָט געציילט קרוב צו הונדערט מיטגלי־דער. איז באַשטאַנען ס׳רוב פון קליינהענדלער און בעלי־מלאכות, געקו־מענע פון פאַרשיידענע פּראָווינצן, ווו די נויט און אָרעמקייט האָט זיי געטריבן אין דער גרויסער שטאָט אַריין, וואַרשע. (אגב, איז מיין פאָטער אַ געבוירענער אינעם שטעטל סלופּיע, נעבן קיעלץ) און ווילנדיק זיך אויסלעבן אין אַן אייגענער סביבה, האָבן זיי, נאָך אַלס בחורים, געגריי־דעט די חברה, וועלכע איז נישט געווען בלויז אַ סינאָנים, נאָר טאַקע אַ ווירקלעכקייט.

די צייט איז נישט געשטאַנען אויף איין אָרט, די יאָרן זענען גע־לאָפן. פון די בחורים זענען געוואָרן פאַמיליע־מענטשן. אַ סך פון זיי האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט, געוואָרן גבירים; האָבן זיך אָבער נאָך אַלץ געקלאַ־מערט אין דער חברה. אייניקע פון זיי פלעגן שוין קומען אין דער חברה אַנדערש געקליידט. געטוישט די טראַדיציאָנעלע געהאַקטע קאַפּאָטע אויף אַ קורץ רעקל מיט אַ האַרטן קאַפּעליוש. געווען צווישן זיי חסידים, וואָס

פלעגן אויף די וויכטיקע יום־טובים פאָרן צום רבין. אין דער חברה פלעגן זיי זיך צונויפקומען פרייטיק צונאַכטס און שבת.

זייער אַ גרויסע ווירקונג האָט אויף זיי געהאַט דער רבי פון דער חברה, וואָס האָט געהייסן שמואל פאַטראַן. יעדן שבת אין דער פרי האָט ער מיט זיי געלערנט עין יעקב אָדער אַ פרק משניות. זיי האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ און איבערגעבנקייט. ער איז נישט געווען בלויז זייער רבי, געווען אויך זייער עצה־געבער און מדריך — פלעגט אויסגלייכן פאַמיליע־סיכסוכים, דין־תורה׳ס אד״ג. צו זיין וואָרט פלעגן זיי זיך צוהערן מיט אויסערגעוויינלעכן כבוד. עס געדענקט זיך אַ פאַל: דער רבי איז אַמאָל ערנסט קראַנק געווען — האָבן אַלע מיטגלי־דער פון דער חברה מיטגעפיבערט, געבראַכט די בעסטע דאָקטוירים, נישט געקאַרגט קיין געלט — אַז ער איז געזונט געוואָרן, איז די פרייד געווען זייער גרויס. דער מענטש איז געווען די גוטסקייט אַליין; אַ פאַט־ריאַרכאַלע פיגור פון הויכן וווקס, אַ זעלטן איידל פנים, אַרומגענומען מיט אַ באָרד, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַן אייגנאַרטיקע חשיבות.

(אגב, זיינער אַ זון האָט דאָ אין בוענאָס־איירעס, מיט אייניקע יאָרן צוריק, אַקטואירט אויף דער יידישער בינע אַלס אַקטיאָר, ווי אויך אַלס מחבר פון טעאַטער־פיעסן. איצט געפינט ער זיך אין ניו־יאָרק. ער האָט זיך גערופן עליאַס פאַטראַן).

צו דער מלוה־מלכה זענען געקומען כמעט אַלע מיטגלידער פון דער חברה אויסצודריקן זייער פרייד מיטן צוריקקומען פון זייערס אַ חבר פון דער מלחמה. אין אַ לענגערער רעדע האָט דער טאַטע מיינער געשילדערט פאַר די חברים וואָס ער האָט דורכגעמאַכט דורך די פיר יאָר. די מלחמה־גרוילן מיט אירע קאָנסעקווענצן. פאַר זייערע אויגן זענען מענטשן אומ־געקומען און ער איז, ווי דורך אַ נס, געבליבן לעבן... אַן עד־ראיה פון די רעוואָלוציאָנערע איבערקערעניש, צוערשט דער קערענסקי־אויפשטאַנד און אַביסל שפעטער די אָקטאָבער־רעוואָלוציע — האָבן אויף אים גע־מאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק. דער פאַרהאַסטער פון יידן צאַרישער רעזשים, וואָס איז אונטערגעגאַנגען פאַר זיינע אויגן, האָט אים דעמאָלט געמאַכט גלויבן אינעם קומען פון בעסערע צייטן פאַר אַלע אונטערדריק־

טע פעלקער, בתוכם די יידן... אַ רעליגיעזער מענטש, האָט ער אין דעם געזען אַן אצבע אלוקים, אַ שטראָף פאַר די, וואָס טוען שלעכטס יידן...

דעם טאַטנס שטים, וואָס איז פון אָנהייב געווען קלאָר און דייט־לעך, האָט פלוצלינג אָנגענומען אַ פאַלשן טאָן. ס׳האָט זיך געפילט אַן ענדערונג. אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין פנים. ביז ער איז אַנט־שוויגן געוואָרן, קוקנדיק אויף זיינע חברים מיט אַ פייכטן גלאַנץ אין די אויגן. די חברים האָבן פאַרצויגן אַ זמרל, מ׳האָט עס ווי ס׳איז נישט פאַרגלעט. פאַר די חברים איז געווען זייער מאָדנע די אויפפירונג פון מיין פאָטער. זיי האָבן אים געקענט אַלס גוטער רעדנער און דאָ, פלוצלינג, אַזאַ דורכפאַל...

אויפן וועג, אַהיימגייענדיק, האָב איך נישט דרייסט געפרעגט מיין פאָטער, וואָס איז געווען די אורזאַך פון זיין נישט פאַרענדיקן די רעדע. מיט אַ האַלב מויל האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער איז באַגאַנגען אַ נאַרישקייט...

די סיבה פון דעם פאַרגעקומענעם בין איך געוווּיר געוואָרן פון דער מאַמען. שטייענדיק פאַר זיינע חברים, וואָס זענען געזעסן אַרום צוויי לאַנגע טישן, האָט ער אָבסערווירט, אַז אַלע חברים גייען אָנגעטאָן אין זייער אָפּגענוצטע מלבושים. טייל קאַפּאָטעס זענען געווען מיט לאַטעס און געצירעוועט. דורך די פיר יאָר צייט פון דער מלחמה, זענען די חברים געוואָרן שטאַרק פאַראָרעמט, קוים פאַרדינט פאַרן אויפהאַלט פון טאָג־טעגלעכן אויסקומעניש. פון מאַכן זיך אַ ניי מלבוש, איז געווען אַ חלום. און דאָ איז ער נאַרוואָס געקומען פון דער מלחמה — מיט אַן אַטלאַסע־נער קאַפּאָטע... ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ טאַקטישן פעלער, באַזונ־דערס האָט אים ווי געטאָן זיצנדיק נעבן רבין. ער האָט באַמערקט, אַז דעם רבינס קאַפּאָטע איז געווען אין אַ זייער קלעגלעכן צושטאַנד, ממש צויטן האָבן געהאנגען פון איר... דאָס זאָל האָבן געווען די סיבה פון זיין פאַרלוירנקייט בעת זיין ריידן צו די חברים.

צו די אַכט טעג איז געקומען אַ חבר צום טאַטן בארגן די קאַפּאָ־טע. דער טאַטע האָט זיך ממש דערפרייט, אַז קומענדיקן שבת וועט ער אַפילו נישט שטיין פאַר אַ נסיון, די קאַפּאָטע וועט נישט זיין אין שטוב.

דער אָנהייב איז געווען אַ גוטער. וואָך־איין, וואָך־אויס איז געקומען אַ צווייטער חבר באָרגן די קאַפּאָטע. אין אַ קורץ שטיקל צייט ארום האָט די קאַפּאָטע פאַרלוירן דעם גלאַנץ. דאָס אַרויפציען אויף פאַרשיידענע גופים האָט צעצויגן דאָס געוואַנט. עס האָבן געפּלאַצט די נעט, ס׳האָבן אָנגעהויבן פאַלן שטיקער פון דער קאַפּאָטע. זי האָט באַקומען אַן אויס־זען ווי אַ קאַפּטאַן, אַ זשופּיצע, אָדער עפּעס אַ ווייבערשע יופּקע... אבער אין מיין טאַטנס אויגן האָט דער בגד באַקומען חשיבות. ער פילט זיך אין דער קאַפּאָטע בעסער ווי גוט... אַ האָפּערדיקער גייט ער אין דער חברה און דאַנקט דעם רבונו של עולם, וואָס ער איז מיט לייטן גלייך.

# דער פרעדיקער

אין אַ זונטיק פאַרנאַכט, פאַרבייגייענדיק צופעליק אויף פּלאַסאַ ליי־בערטאַד, צווישן די גאַסן טשאַרקאַס און פּאַראַגוואַי, איז מיין בליק געפאַלן אויף אַ גרופּע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין אַ קרייז, אויס־הערנדיק אַ דרשה פון אַ מענטשן, וואָס איז געשטאַנען אויף אַן אימפּראָ־וויזירטער טריבונע. אויס נייגעריקייט האָב איך זיך דערנעענטערט און איך בין צוגעשמידט געוואָרן צום אָרט. זיין פּנים איז מיר געווען קענט־לעך. ווער איז ער? פון וואַנען קען איך אים? איך האָב געפילט, אַז דאָס האַרץ קלאַפּט מיר שטאַרק. שוין אָפּגעלאָפן צוואַנציק יאָר זינט איך האָב אים צום לעצטן מאָל געזען. דעמאָלט — אַ ייִנגל שטענדיק אַ פאַר־חלומטער, אַריינגעטאָן אין די ביכלעך... געהאַלטן זיך ערנסט, ווירדיק, גאָרנישט צוגעפּאַסט פאַר זיין עלטער. ווער זאָל זיך ריכטן, אַז איך וועל אים אָנטרעפן נאָך אַזוי פיל יאָרן אין אַזאַ הולך!

איבערראַשט פונעם סורפּריז, האָב איך אָנגעהויבן אָבסערווירן דאָס אַלץ אַרום. אַ בילד, וואָס מען זעט עס אָפט אויף די בוענאָס־איירעסער פּלאַסעס, וואָס די מיסיאָנערן אָרגאַניזירן, כדי צו כאַפּן פאַרבלאָנדזשע־טע נשמות. אין אַ געפּאַסטן אוניפאָרם, מיט אַ תנ״ך אין דער האַנט, האָט ער געזאָגט פּסוקים און זיי פאַרטייטשט אויף זיין שטייגער. מיינע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין דעם מענטשן. איך האָב געוואָלט אַרויס־לייענען פון זיינע באַוועגונגען און תנועות צי ער מיינט עס ערנסט וואָס ער פּרעדיקט. איך האָב באַוווּנדערט זיין פעסט־געבויטן מענערישן קער־פּער; כ׳האָב געוווּסט, אַז ער האָט נאָרוואָס אַריבערגעשפּאַנט די 30 יאָר. זיין לאַנגע אָדלער־נאָז און ברוינע אויגן האָבן עדות געזאָגט, אַז ער שטאַמט פון אחינו בני ישראל. אַ טשופּרינע שוואַרצע האָר, וואָס אַ לייכט ווינטל האָט גישט דערלאָזט זיי זאָלן ליגן אין אָרדענונג, האָט

אים געמאַכט נאָך העכער. אַרומגערינגלט פון אַ צען־צוועלף מענטשן פון דער מיסיאָנערן־געזעלשאַפט, אָנגעטאָן אין די אוניפאָרמען. ביי יעדן פאַר־ענדיקטן פסוק, פלעגן זיי מיט אַ הויכן כאָראַלן טאָן פאַרענדיקן מיט אַ „אַמען״.

כאָטש ער האָט גערעדט צום פאַרזאַמלטן עולם, האָט ער, דערקע־נענדיק מיך, אָנגעשטעלט זיינע בליקן אויף מיר. צייטנווייז האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז די גאַנצע דרשה איז געווענדעט נאָר צו מיר. כ׳ווייס אויך נישט צי דאָס איז געווען אין זיין פּראָגראַם, צי ער בראַווירט מיט דעם שטענדיק. ער האָט פאַרמאַכט דאָס תנ״כל און אָנגעהויבן איבער־געבן איינצלהייטן פון זיין אייגן לעבן; ווי אַזוי ער איז געקומען צו זיין נייעם גלויבן.

ער האָט אָפנהאַרציק דערציילט דעם פאַרזאַמלטן עולם, אַז ער איז אַ געבוירענער ייד; אַז ער דאַנקט דער השגחה, וואָס האָט אים אָנגע־וויזן דעם ריכטיקן וועג אינעם לעבן. אַ סך איינצלהייטן האָט ער דער־מאָנט, וואָס מיר זענען זיי געווען באַקאַנט. און אַ סך וואָס איך האָב זיך דערוווסט אין דעם געגעבענעם מאָמענט. ער האָט אָנגעהויבן אויפווייזן מיט פסוקים פון פאַרשיידענע נביאים, ביבלישע ווי פון איצטיקע גע־לערנטע מענטשן, אַז ישו הנוצרי איז דער ריכטיקער משיח און אויס־לייזער פון דער וועלט און אַז די יידן פאַרקריפּלען דעם אמת, אַז אַלע יידן דאַרפן זיך נעמען אַביישפּיל פון אים — און נאָך אַזעלכע רייד.

וואָס־וואָס, איין זאַך האָב איך געמוזט צוגעבן און אנערקענען — אַז ער איז אַ גוטער רעדנער, מיט טאַלאַנט. אַ געשליפן צינגל, מיט אַ כוח הדיבור זעלטן צו הערן. ער פלעגט צייטנווייז מיטרייסן דעם עולם און באַוווּנדערט ווערן מיט וואָס פאַראַ עקסטאַז און זשעסטיקולאַציע עס באַגלייטן זיינע ווערטער.

נאָכן פאַרענדיקן זיין רעדע האָט זיין פּלאַץ פאַרנומען אַ פרוי, אַ נעגערטע, וואָס האָט דעקלאַמירט אַ געבעט־ליד, וואָס די איבעריקע און אַ טייל פון עולם האָבן מיטגעזונגען. דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט די צערעמאָניעלע פאַרזאַמלונג.

דורכקריגנדיק זיך דורכן עולם, האָב איך זיך דערנענטערט צו אים, אָנרופנדיק אים ביים נאָמען, ווי איך האָב אים געקענט אַלס קינד:

— אברהם, וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכט דיין שוועסטער? — איך האָב זיך באַמיט צו ריידן צו אים אין אַ פאַמיליערן טאָן. ער האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף מיר און מיט אַ סאַרקאַסטישן טאָן געענטפערט. עס האָט זיך געפילט אין זיינע ווערטער אַ פאַרביטערטקייט. און אויף מיין צווייטער פראַגע: — קומסט אָהער אַלע זונטיק פרעדיקן? — האָט ער, צו מיין שטוינונג, אויף דער פראַגע אינגאַנצן געענדערט דעם טאָן און דעם אָרט ריידן — יאָ, ער קומט אָהער אָפט, אָבער נישט אַלע זונטיק. עס ווענדט זיך נישט אין אים, נאָר ווו מען באַשטימט אים...

ער האָט מיט מיר אָנגעהויבן איינטענהן, אַז ס'איז שוין די העכסטע צייט איך זאָל עפענען מיינע אויגן און זען די ווירקלעכקייט, אַז דער ריכטיקער וועג אינעם לעבן איז דער, אין וועלכן ער גייט... איך האָב נישט געוואָלט פאַרלירן דעם קאָנטאַקט מיט אים, געלאָזט אים ריידן, נישט געפּרוווט זיך אַריינלאָזן אין דיסקוסיעס. ער האָט מיר געהייסן קומען די אַנדערע וואָך אויף אַן אינטערעסאַנטן אָוונט, וואָס די געזעלשאַפט אָרדנט איין און ווו ער טרעט אויף אַלס הויפּט־רעדנער.

מיר האָבן זיך געזעגנט. איך האָב לייכט אונטערגעשמייכלט, ווי איינער זאָגט: „ס'איז שוין איין מאָל געוואָרן פון דיר אַ לייט"...

איך בין אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, אויף דער זעלביקער פּלאַסע זיך אָוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. אין מיין דמיון האָט אויפגעטויכט די גאַנצע געשיכטע און טראַגעדיע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין אַ יידישער פאַמיליע אין בוענאָס־איירעס. ס'איז געווען אין דער צייט, ווען איך האָב זיך אָפּגעגעבן מיט „אַמבולאַנטעריי" *) און אין מיינע וואַנדערונגען איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן, האָב איך, אין אַ שטילער און רואיקער געגנט, אין „רעקאָלעטאַ", זיך אָנגעטראָפן מיט אַ יידישער פאַמיליע מיט אַן איינגעאָרדנטער טיגטאָרעריע **) אַ פּאָר־פאָלק מיט צוויי קליינע קינדער

*) איינצלפאַרקויף איבער די שטיבער.

**) פאַרבעריי און וועשעריי.

און אַ פאָטער, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאַרקויפן פּאַפּיראָסן און פאַרשיידענע זיסוואַרג אין אַ פענצטער פון דער טינטאַרעריע. די פאַמי־ליע האָט געשטאַמט פון אוקראַינע (ביעלאָצערקאָוו). אין די יאָרן, ווען ס׳האָט געבושעוועט פעטליורע און אַנדערע באַנדעס, וואָס האָבן געמאַכט פּאָגראָמען אויף יידן, איז די פאַמיליע אַנטלאָפן קיין פּוילן. די דעמאָל־טיקע פּוילישע רעגירונג האָט די אוקראַינער עמיגראַנטן געמאַכט שווע־ריקייטן. אין דער הויפּטשטאָט וואַרשע האָבן זיי נישט געטאָרט וווינען. ווען איך האָב די פאַמיליע דערקענט, האָבן זיי זיך שוין געהאַט איינ־געאָרדנט אויף דעם פּלאַץ אַ יאָר זיבן. דער פאָטער, וואָס האָט אויך דאָ אין אַרגענטינע זיך גערופן סימאָן יעפימאָוויטש, האָט מיר איבערגעגעבן אַז אין ביעלאָצערקאָוו, פון וואַנען ער שטאַמט, האָט ער געהאַט זיין אייגנס אַ פאַרבעריי. ס׳האָבן ביי אים געאַרבעט אַ סך מענטשן. געהאַט אָפּגעשפּאָרט אַ גרויס פאַרמעגן. צום סוף אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר און קוים זיך געראַטעוועט מיטן זון און שנור. דאָס איז געווען אַ מענטש קרוב צו זעכציק יאָר. מיט אַ צעאַקערט פּנים. זייער אַ צוגעלאָזענער, אַ באַרעדעוודיקער. ס׳איז געווען אַ פאַרגעניגן צו שמועסן מיט אים. ער איז געווען אויסגעבונדן מיט אַלע רוסישע קלאַסיקער און אַזוי אויך געווען באַהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור. גערעדט האָט ער אַ יידיש גע־מישט מיט אַ סך רוסישע ווערטער. דער זון ווי די שנור, ביידע אינטע־ליגענטע מענטשן, געענדיקט זייער בילדונג אין די גימנאַזיעס. צווישן זיך האָבן זיי גערעדט רוסיש.

דאָ אין בוענאָס־איירעס, האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט מיט אַ טינ־טאַרעריע. דער פאָטער, אַ גוטער פאַכמאַן אין פאַרבעריי, האָט זיך שנעל אין דער געגנט געמאַכט אַ גוטע קליענטעלע. די געגנט, באַוווינט פון רייכע מענטשן, האָט זיי קיין אַרבעט נישט געפעלט. קיין איבעריקע זאָרג פון פּרנסה האָבן זיי נישט געהאַט. אויף דער עלטער האָט דער פאָטער געמוזט אויפגעבן די אַרבעט, די כּוחות האָבן אים אָנגעהויבן פאַרלאָזן. ווען איך בין געוואָרן אַן אַריינגייער צו דער פאַמיליע אין שטוב, האָט דער אַלטער שוין נישט געאַרבעט, נאָר זיך אָפּגעגעבן מיט דעם קליינעם האַנדל, ווו ער האָט זיך נישט געדאַרפט אָנשטרענגען. דער זון זיינער,

מישאַ, האָט איבערגענומען די אַרבעט. די פרוי זייַנע האָט זיך פאַרנו־מען מיט דערווירטשאַפט און מיט דערציען די קינדער. אין דער געגנט, ווייניק באַווינט פון יידן, ווייט פון יידישן צענטער, פלעגן זיי גערן אויפנעמען אַ צופעליקן ייד, וואָס פלעגט אַמאָל פאַרבלאָנדזשען צו זיי. זעלטן גאַסטפרייַנטלעכע מענטשן. מען האָט זיך צו זיי באַצויגן מיט רעס־פעקט. די שכנים האָבן אַרויסגעוויזן אַ זעלטענעם אָפּשיי.

אַן איבערברוך אין דער פאַמיליע איז געקומען, ווען דער פאָטער איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן אויף אַן ערנסטער קראַנקייט. נאָך אַ קורצן צייט־אָפּשניט איז ער געגאַנגען דעם לעצטן וועג. דעם זעלבן יאָר איז ווערא, נאָך אַן אַבאָרט, וואָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, געבליבן צוגע־שמידט צום בעט אויף אַ לענגערער צייט. מישאַ האָט זיין פרוי זייער ליב געהאַט. ער האָט געטאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך זי צו ראַטעווען. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. איר יונג לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן. ער האָט נאָך זיין פרוי זייער געטרויערט. זיך נישט געקענט געפינען קיין אָרט. אַלץ איז געווען פאַרוואָרלאָזט, פאַרנאכלעסיקט די שטוב־ווירט־שאַפט, ווי די אַרבעט.

די ריכטיקע טראַגעדיע אין דער פאַמיליע איז געקומען מיטן צונע־מען אַ פרוי, אַכטונג צו געבן אויף די קינדער און פירן די ווירטשאַפט. דאָס איז געווען אַ פרוי, אַן אַרגענטינערן, מיטן נאָמען גראַסיעלאַ. אַ זעלטן שיינע פרוי מיט אַ גראַציעזער פיגור. פון הויכן ווּקס, אַ געטאָקטע נאָז מיט דינע ליפּן, אַ קאָפּ שוואַרצע האָר פאַרקעמט אויף אַרויף, וואָס האָט איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן צו איר שיין פנים פון אַליוון־קאָליר. אַן אַלמנה מיט אַ קינד, ווייזט אויס דורכגעמאַכט אַ סך אין איר יונג לעבן. אַן ערנסטע, פלעגט זי טאָן איר אַרבעט בשלימות. פלעגט אַרויסווייזן צו מישאַס קינדער אַן אויסערגעוויינלעכע אויפמערקזאַמקייט און מוטערלעכע באַציאונג. מישאַ האָט נישט געוווסט ווי אָפּצושאַצן די פרוי.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי צווישן די צוויי מענטשן האָט זיך פאַרבונדן אַ נאָענטע פריינדשאַפט. די אומשטענדן אַליין האָבן שוין צו־געבראַכט דערצו. מיט דער צייט איז זי געוואָרן די בעל־הביתטע און

דעה־זאַגערין. אַן אָריענטירטע מיט געוויסע פעאיקייטן, האָט זי איבער־גענומען די אַרבעט. זי איז געוואָרן די צווייטע האַנט פונעם געשעפט. די פרוי איז געווען אַן אַקטיווע טוערן אין אַ מיסיאָנערן־געזעלשאַפט, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט אין דער זעלבער געגנט. זיי האָבן לעגאַל חתונה געהאַט אין אַן עוואַנגעלישן קלויסטער. אַ פּאַסטאָר האָט זיי געגעבן די פּאַטערלעכע ברכה. פּאָר מישאַן, אַ האַלב־אַסימילירטער, רוסיפיצירטער ייד, איז דאָס אַלץ נישט געווען קיין מניעה. ער האָט דאָס אויפגענומען ווי אַ נאַטירלעכע זאַך.

גראַסיעלאַ האָט איבערגענומען די דערציאונג פון די צוויי קינדער, שיקנדיק זיי צוזאַמען מיט איר קינד אין דער שולע פון דער מיסיאָנערן־אָרגאַניזאַציע. אַבראַשאַ האָט אַרויסגעוויזן גרויס חשק צו לערנען. דאָס האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַ־ציע, וועלכע האָבן אים שפּעטער, ווען ער איז אונטערגעוואַקסן, גע־שיקט אין גלחים־סעמינאַר, ווו ער האָט זיך פּערפעקציאָנירט אַלס אָראַ־טאָר. ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן פלעגט ער פאַרטרעטן דעם פּאַסטאָר. ווי אַ גוטער רעדנער פלעגט ער אויסנעמען ביי די צוהערער, ווי ביי די אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע. ווי אַ באַזונדערע פּריווילעגיע פלעגט מען אים שיקן פּרעדיקן אויף די בוענאָס־איירעסער פּלאַסעס. יעדן זונטיק פלעגט ער באַזוכן גראַסיעלאַן, וועמען ער האָט באַטראַכט ווי אַן איי־געגנע מוטער.

# דאָס לעבן אַליין

אַ קאַרגע שעה צייט ווי פעליפע פראַמבערג זיצט אין קאַפע־הויז אין דערוואַרטונג, אַז העלענאַ זאָל קומען. זייער איצטיקער צוזאַמענטרעף דאַרף זיין אַן אַנטשיידנדיקער. ער ווייזט אַרויס גרויס נערוועזיטעט. האַלט אין איין רויכערן. זיינע בליקן זענען אַנגעשטרענגט אויף דער אַריינ־גאַנג־טיר.

אויף דעם ערשטן טעלעפאָנישן אָפּרוף אין די פרימאָרגן־שעהן האָט זי אים אָפּגעזאָגט מיט אַ תירוץ, אַן אומבאַדייטנדיקן. צום צווייטן מאָל, ווען ער האָט זי ממש געבעטן, האָט זי אים צוגעזאָגט צו קומען, אָבער נאָר אויף אַ קורצער ווײַלע. ער פילט, אַז ער פאַרלירט זי, אַז זי גליטשט זיך אַרויס פון זיינע הענט. ער ווייסט נישט וועמענס שולד דאָס איז. זאָל עס זיין זיינע? פרעגט ער זיך אַליין. וויפל חלומות און זיסע האָפענונגען, פּלענער פאַר דער צוקונפט זענען פאַרבונדן מיט זיין העלענאַ! פון דעם אַלעם לאָזט זיך אויס אַ טייך...

ער וויל קאָנצענטרירן די געדאַנקען, אָבער ער פילט, אַז אין מוח האָט עפּעס נאָכגעלאָזט. ער קאָן דעם פאָדים נישט אָנכאַפּן. וואָס טוט זיך דאָ? זעקס וואָכן צייט זינט ער איז צוריקגעקומען פון ישראל, פול מיט פּלענער חתונה צו האָבן און צוריקפאָרן, און דאָ — אַזאַ ביטערע אַנטוישונג! ער פילט, אַז דער האַלדז ציט זיך אים צוזאַמען, אַז אָט וועט ער צוזאַמענברעכן. די לופט אין קאַפע ווערט אים שווער. דער מע־כאַנישער דזשאַז־קאַסטן, וואָס לאָזט זיך הערן אויף הויכע טענער, גרילצט אים אין די אויערן. ער לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג. אַ צופעליקער בליק אין שפּיגל האָט אים אויף אַ ווייל פאַרהאַלטן. ער האָט זיך אַליין נישט דערקענט. אַ קאַלטע האַרבסט־לופט האָט אים אויפגענומען. זיין האַרץ

האָט אָנגעהויבן קלאַפּן שטאַרקער. פון דערוויייטנס האָט ער דערזען העלענאַן. אָן אַ וואָרט אַרויסצורײדן האָבן זיי אָנגעהויבן צו גיין.

דאָס איז געווען אין איינער פון די שטילע גאַסן, שוואַך באַלויכטן. זעלטן ווען ס'איז דורכגעפאָרן אַ קאַטש. אַן איינצלנער צופעליקער פאַרבייגייער האָט פון צייט צו צייט דורכגעשלייכט די גאַס, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די צוויי מענטשן, וואָס העכער פון אַ שעה צייט גייען זיי הין און צוריק. אַ שלל מיט ווערטער האָבן זיי צווישן זיך גערעדט, נישט באַמערקנדיק אַז דער הימל פאַרוואָלקנט זיך און אַ דראָבנער רעגן האָט אָנגעהויבן צו פאַלן. פעליפּע האָט אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון זיין קאַמפּערע. מיט אַ האַנט־באַוועגונג אַריבערגעצויגן דעם „קאַפּוטשאָן" פון העלענאַס רעגנמאַנטל.

ס'איז געווען טיפער האַרבסט. אַ קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן און דער רעגן האָט געמאַכט אומדערטרעגלעך דאָס ווייטערדיקע אויפהאַלטן זיך אויף דער גאַס. זיי האָבן זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט. ביים שוואַכן שיין פון דער גאַס־באַלייכטונג האָט פעליפּע זיך איינגעקוקט אין העלענאַס פּנים און באַמערקט, אַז די אויגן ביי איר זענען פייכט און זי האַלט פאַרשלאָסן די ליפּן.

— העלענאַ, איז דאָס דיין פעסטער באַשלוס? — האָט פעליפּע, נאָך אַ לענגערן שטילשווייגן געפרעגט. העלענאַ האָט זיך צעוויינט:

— איך האָב אַהער נישט געדאַרפט קומען; געדאַרפט זיך צוהערן צו מיינע עלטערנס רייד... דאָס לעבן אַליין האָט זיך אָוועקגעשטעלט צווישן אונדזביידן. וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל איך טאָן? — האָט זי אָנגעהויבן שלוקעכצנדיק אַרויסשטאַמלען — איך קען די קינדער נישט איבערלאָזן אויף הפקר. זיי זענען מיינע קינדער. דעמאָלט ווען מאַרטאַ איז געשטאָרבן, זי איז געווען מיין איינציקע שוועסטער. דו ווייסט גאַנץ גוט ווי ליב און געשעצט מיר האָבן זיך קעגנזייטיק... דאַניעל זאָל האָבן געזאָגט מיינע עלטערן, אַז אינעם פאַל ווען איך וועל נישט אַקצעפּטירן זיין הייראַט־פאָרשלאַג, וועט ער די קינדער אַריינגעבן אין בית־יתומים... ער וועט צוואַרטן ביזן יאָר. ער קאָן זיך קיין עצה נישט געבן מיט דער ווירטשאַפט־פירונג. דו ווייסט גאַנץ גוט מיינע געפילן פאַר דיר, אָבער די אומ־

שטענדן מאַכן צווישן אונדז אַ תהום... אַ סך אין דעם אַלעם ביסטו אַליין שולדיק. דיין אויפהאַלט אין ישראל איבער צוויי יאָר צייט האָט געמאַכט צווייפלען מיינע עלטערן צי דו וועסט דיין וואָרט האַלטן...

— המ! דיינע עלטערן, דיינע עלטערן! — האָט פעליפע אָנגעהויבן צו רעדן. — ביי זיי איז עס פאַרבונדן מיט פּראַקטישע אויסרעכענונגען. דאַניעל האָט אַן איינגעאָרדנטע דירה מיט ווירטשאַפט. דאָס וועט זיי באַפרייען פון אַ סך געלט־קאָסטן. פאַר זיי איז דאָס וויכטיקער פון אונ־דזערע געפילן...

— זאָג דאָס נישט, פעליפע. מיינע עלטערן האָבן נאָר בלויז גוטע ווערטער און די בעסטע מיינונג וועגן דיר, אָבער נעם אין אַכט, אַז ביי זיי זענען טייער די צוויי אייניקלעך, וואָס זיי האָבן זיי ליב ביז משוגע צו ווערן... זיי ווילן נישט דערלאָזן, אַז אַ שטיף־מאַמע זאָל זיי דער־ציען. כ׳וויל זאָלסט אַריינגיין אין זייער לאַגע און נישט אויס־טייטשן אַז דאָ האַנדלט זיך בלויז אין געלט־אינטערעסן... גלויב מיר, פעליפע, ווען מיינע עלטערן האָבן מיר געגעבן אָנצוהערן כ׳זאָל חתונה האָבן מיט דאַניעלן, האָב איך זיך שרעקלעך צעוויינט... ס׳איז ביי מיר געווען די גרעסטע טראַגעדיע אין מיין לעבן. דו ווייסט גאַנץ גוט ווי ליב איך האָב דיך. איך וואָלט געוויס דיך נישט פאַרטוישט פאַר קיין צווייטן מאַן אין דער וועלט. אָבער דאָס לעבן אַליין האָט דאָ עפּעס צוגעגרייט אַ טייוולאָנישן שפּיל, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט אונדזביידן פאַר אַ זייער שווערן פּראָבלעם צו לייזן... גלויב מיר, פעליפע, וואָלט איך דיך נישט ליב געהאַט, וואָלט איך געהאַט אַ סך אַנדערע תירוצים דיר אָפּצוזאָגן... מיין אַכטונג צו דיר איז זייער גרויס. כ׳ווייס, אַז דו האָסט מיך אמתדיק ליב. דערפאַר בין איך מיט דיר אויפריכטיק. נעם דיך אין די הענט אַרייך, פאָר צוריק קיין ישראל, ווו דו וועסט דיך אָפּזוכן אַ חברטע. כ׳וועל זיין מער צופרידן ווען איך וועל הערן פון דיר גוטע נייעס... פון מיר האָסטו נישט צו דערוואַרטן אַבסאָלוט גאָרנישט.

פעליפע האָט, נאָך אַ קורצן שטילשווייגן, ווייטער אָנגעהויבן ריידן:

— די אַנטוישונג איז זייער גרויס, דער ווייטיק איז זייער טיף. איך קען זיך נישט קאָנצענטרירן אויפן מאָמענט און אָנצייכענען פּלענער! דאָס

וואָס דו ראטסט מיך צוריקצופאָרן קיין ישראל, פאַרשטיי איך גאַנץ גוט. דו ווילסט מיך האָבן פון דערווייטנס... האָסט אויף מיר רחמנות, נישט ריכטיק, העלענאַ? — האָט ער סאַרקאַסטיש געפרעגט.

דער רעגן איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער, באַגלייט מיט אַ ווינט, וואָס האָט געשמיסן אין פּנים. דאָס האָט נאָך מער באַשווערט דאָס געמיט פון די צוויי יונגע מענטשן, וואָס האָבן אין דעם מאָמענט דורכ־געלעבט אַ טיפע מענטשלעכע טראַגעדיע. זיי האָבן געפילט, אַז זיי זעען זיך מעגלעך צום לעצטן מאָל.

העלענאַ האָט געמאַכט אַ באַוועגונג אַרומצונעמען פעליפּען, זאָגנדיק דערביי: — זיי מיר מוחל פאַר דעם עגמת נפש, וואָס איך פאַרשאַף דיר. די צייט וועט אַלץ אויסהיילן. כ'ווייס אַז איך באַהאַנדל דיך שלעכט. אומשטענדן נישט אָפּהענגיק פון אונדז מאַכן אוממעגלעך מיר זאָלן זיך פאַרייניקן... — מיט די ווערטער „אַדיאָס, פעליפּע", האָט העלענאַ זיך אַנגעהויבן דערווייטערן. פעליפּע, אין אַ פיבערדיקן צושטאַנד, האָט גלאָ־ציק, אָן אַ וואָרט אויסצורעדן, טעמפּ נאָכגעקוקט דאָס פאַרשווינדן פון העלענאַן, פילנדיק דערביי אַז מיט איר פאַרשווינדן זיינע בעסטע יוגנט־חלומות...

**
*

פעליפּע און העלענאַ, הי־געבוירענע, קענען זיך פון זייער פריסטער יוגנט. פון עלטערן איינגעוואַנדערטע מיט דער צווייטער אימיגראַציע. צוזאַמען געגאַנגען אין איין שולע, געפירט חברשאַפט. ס'איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז זיי פלעגן זיך טרעפן כמעט טעגלעך.

די אומשולדיקע קינדער־פריינטשאַפט האָט זיך, מיט דער צייט, ווען זיי זענען רייף געוואָרן, פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַרקער ליבע. זייערע עלטערן האָבן עס גערן אויפגענומען. כאָטש אָפיציעל זענען זיי קיין חתן־כלה נישט געווען, דאָך זענען זיי אין די קרייזן וווּ זיי זענען געקומען, באַטראַכט געוואָרן ווי אַזעלכע. פעליפּע, פאַרענדיקנדיק די טעכנישע שול, האָט זיך אָפּגעזוכט אַ פּאָסטן, וווּ ער האָט פאַרהעלטנישמעסיק שיין פאַרדינט. העלענאַ האָט געאַרבעט אין אַ באַנק. קינדער פון נישט קיין

איבעריק רייכע עלטערן, האָבן זיי אין זינען געהאַט תכלית, געשפּאָרט און געגרייט זיך צו פירן אַ זעלבסטשטענדיק לעבן.

דאָס געשעפט־הויז, ווו פעליפּע איז געווען אַנגעשטעלט, האָט אויס־געאַרבעט פּרעפּאַבריצירטע וווינונגען אין אַ גרויסן מאסשטאַב. אַ מיליאָ־נען־פירמע מיט פיליאַלן אין פאַרשיידענע וועלט־טיילן, ווי אויך איז יש־ראל. פעליפּע, זייער אַ פעאיקער און פינקטלעכער, האָט געוווּנען דעם צוטרוי פון די העכערע שעפן פון דער פירמע. האָט אין אַ טאָג באַקומען אַן אָנבאָט צו פאָרן קיין ישראל מיט אַ קאָנטראַקט אויף אַ יאָר צייט, מיט אַ לאָקנדיקן געהאַלט, מיט רעכט צו פאַרלענגערן דעם קאָנטראַקט.

דערצויגן ביי ציוניסטישע עלטערן מיט אַ טיפער ליבע און סענטי־מענט צו דער מדינה, האָט ער איצט געהאַט די געלעגנהייט מיט זייַנע אויגן צו זען דעם גראַנדיעזן אויפבוי־פּראָצעס. אָבער וואָס טוט מען מיט העלענאַן? אויפן מאָמענט האָט ער באַשלאָסן ביי זיך חתונה האָבן און פאָרן צוזאַמען. אָבער גאַנץ אַנדערש האָט עס אויפגענומען העלענאַ. צו־ערשט האָט זי אים געפּרוווּט אָפּריידן פון פאָרן, כאָטש זי האָט פעליפּען שטאַרק ליב געהאַט, איז זי אָבער געווען זייער צוגעבונדן צו אירע על־טערן און איר איינציקע שוועסטער, אַן עלטערע שויך, אַ פאַרהייראַטע.

איינזעענדיק, אַז זי קען ביי אים גאָרנישט פועלן, איז נאָך אַ פאַ־מיליע־באַראַטונג באַשלאָסן געוואָרן, אַז פעליפּע זאָל פאָרן אויף אַ יאָר צייט און דאָס איבעריקע לאָזן אויף שפּעטער.

די גאַנצע צייט פונעם אויפהאַלט אין ישראל, איז אָנגעגאַנגען אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן די צוויי מענטשן. צום יאָר האָט פעליפּע געקראָגן אַן אָנבאָט פון דער פירמע צו פאַרלענגערן דעם קאָנטראַקט אויף נאָך אַ יאָר. נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט העלענאַן, האָט ער דעם אָנבאָט אַק־צעפּטירט.

דעם טאָג, ווען פעליפּע איז צוריקגעקומען קיין בוענאָס־איירעס, איז ער אָפּגעוואַרט געוואָרן ביי דער שיף פון העלענאַן. די באַגעגעניש איז געווען זייער אַן עמאָציאָנעלע. דאָס פעלן ביי דער שיף פון אירע עלטערן איז פון העלענאַן פאַרענטפערט געוואָרן מיט אַן אומבאַדייטנדיקן תירוץ.

אָבער שוין אויפן צווייטן טאָג האָט פעליפּע אינסטינקטיוו געפילט,

אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג. כאָטש פעליפּע האָט געוווסט פון דעם אומגליק, וואָס איז געשען מיט העלענאַס שוועסטער, איז אים נישט איינ־געפאַלן, אַז דאַניעל זאָל זיין דער גורם פון דער קאַלטער באַציאונג, וואָס העלענאַ האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן צו אים. ווען ער איז צו איר צוגע־שטאַנען מיט פראַגן, האָט זי, מיט טרערן אין די אויגן, אויפריכטיק אים איבערגעגעבן דעם פאַמיליע־פּלאַנטער, וואָס האָט זיך געשאַפן מיט איר שוועסטערס טויט... די צוויי קליינע יתומים נויטיקן זיך אין אַ מאַמע און זי באַטראַכט זיי פאַר אירע קינדער. דאָס האַלט איר אָפּ פון חתונה האָבן מיט אים...

מיט טיפן ווייטיק האָט פעליפּע אויפגענומען העלענאַס ווערטער. אויפן מאָמענט האָט ער נישט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז ער פאַר־לירט זיין העלענאַ. ער האָט צוערשט געפּרוווט זי אָפּרעדן. זי דאַרף אַזאַ קרבן פון איר זייט נישט ברענגען. דאַניעל איז נאָך אַ יונגער מענטש, גוט סיטואירט, ער וועט זיך אָפּזוכן אַ פרוי. זי געהערט נאָר אים. ער קען אָן איר נישט לעבן. דער פאַקט וואָס ער איז צוריקגעקומען פון ישראל חתונה צו האָבן מיט איר, לאָזט אָן און פאַר זיך אַליין נאָכטראַכטן זיין איבערגעגעבנקייט צו איר.

זעקס וואָכן צייט איז אָפּגעלאָפן זינט פעליפּע איז צוריקגעקומען פון ישראל. די געציילטע מאָל, וואָס ער האָט זיך געטראָפן מיט העלענאַן, האָבן אויף אים איבערגעלאָזט טיפע שפּורן. ער האָט געפילט, אַז זיין געזונט צושטאַנד ברעכט זיך איין. מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט בו־עכן איר עקשנות האָט ער אין געדאַנק געמאַכט פּלענער, איינער פאַנטאַס־טישער פונעם צווייטן. אָבער ביסלעכווייז האָט זיין פּערזענלעכער עגאָ־איזם אָנגעהויבן נאָכלאָזן. עפּעס אַ מאָדנער געפיל האָט זיך אין אים דערוועקט. ער האָט אָנגעהויבן קוקן אויף דער ווירקלעכקייט מיט אַ מענטשלעך סענטימענטאַלן צוגאַנג. געקומען איז עס צופעליק.

אָפּוואַרטנדיק איין מאָל אויף דער עָסקינע העלענאַן, איז זי אים אַנטקעגנגעקומען מיט די צוויי קינדער. די קינדערלעך האָבן זיך געטו־ליעט צו העלענאַן און זי האָט זיי צערטלעך געגלעט די קעפּלעך. פעליפּע האָט באַמערקט אין אירע אויגן טרערן. פון דעם מאָמענט אָן איז געקו־

מען אַן איבערברוך אין זיין נשמה. ער האָט אָנגעהויבן זיך אַליין צו מאַכן פאָרווורפן. בלויז צוליב די קינדער אַליין דאַרף ער אויפגעבן העלענאַן. כאָטש אין געדאַנק האָט ער אָנגענומען אַזאַ באַשלוס, האָט ער ביי זיך נישט געקענט פועלן דאָס איבערגעבן העלענאַן.

דעם אָוונט, ווען פעליפּע האָט זיך געזעגן צום לעצטן מאָל מיט העלענאַן, איז ער אינערלעך אין זיך געווען צוגעגרייט, שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז אַזוי דאַרף זיין, אָבער דערזעענדיק העלענאַן, האָבן זיינע געפילן צו איר אויפגעוואַכט. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך געבעטן ביי איר זי זאָל אים נישט פאַרלאָזן... אַ לענגערע ווײַלע האָט פעליפּע געקוקט אין חלל אַריין, ווי העלענאַ דערווייטערט זיך, וואָס אַמאָל מער, ביז זי איז אינגאַנצן פאַרשוווגדן...

אַ גאַנצע נאַכט האָט פעליפּע אַרומגעוואַנדערט איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן אין אַ פיבערדיקן צושטאַנד. אַ גאָס רעגן מיט אַ שטאַרקן ווינט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטאָט. דאָס האָט אים געצווונגען אין די פאַרטאָג־שעהן אַרייננצוגיין אין אַ קאַפע־הויז. דער „מאָסאָ" האָט אים עטלעכע מאָל געפרעגט וואָס ער פאַרלאַנגט — ער האָט אים שטאַר אָנגעקוקט, אַזוי ווי אין אַ לעטאַרגישן שלאָף — ביז ער האָט אַרויסגעשטאַמלט אַז ער איז דורכגענעצט ביזן ביין. עפּעס וואַרעמס וואָלט אים אויפגעפרישט. אַ הייסע גלאָז מילך האָט זיך באַוויזן אויפן טישל, צו וועלכן פעליפּע האָט זיך נישט צוגערירט... דער מאָסאָ האָט פון דער ווייטנס אָנגעהויבן אָבסערווירן די מאָדנע האַלטונג פון דעם מענטשן. העפלעך אים דערמאָנט, אַז די מילך ווערט קאַלט... ערשט איצט האָט ער זיך געגעבן רעכענונג, אַז מיט זיין אויפפירונג רופט ער אַרויס אויפמערקזאַמקייט. ווען פעליפּע האָט פאַרלאָזן דעם קאַפע־הויז האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן.

די פרימאָרגן־שיין האָט וואָס אַמאָל מער געמאַכט ליכטיקער דעם חלל. מיט געמאָסטענע טריט האָט ער אָנגעהויבן שפּאַנען. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ קאַלטער, אָבער אַ לויטערער. איינאָטעמענדיק די פרישע פרימאָרגן־לופט, האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן מונטערער. ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן פון זיין נייער לאַגע. אָבער אין דעם מאָמענט איז ער נישט

ד ו ד   ג י י ס ט

געווען פעאיק אָנצוצייכענען זיך פּלענער פאַר דער נאָענטער צייט. איין זאַך האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיין צוקונפט איז פאַרבונדן מיט ישראל, פון דאַנען נעמט ער מיט אַ ביטערע אַנטוישונג, אָבער אַ זיסע דערינע־רונג. שטענדיק וועלן אים באַגלייטן העלנאַס ווערטער, אַז דאָס וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט, איז דאָס לעבן אַליין...

# מיגעליטאַ

ווען מיגעל ווײַנשטיין איז אַהיימגעגאַנגען פון זײַן אַרבעטס־טאָג, האָט ער פונדערווײַטנס געזען זײַן פרוי שטיין בײַם טויער פון זײַן וווינונג. ער האָט פאַרשנעלערט זײַנע טריט, ס׳האַרץ זײַנס האָט אים געזאָגט, אַז עפּעס האָט געדאַרפט געשען, ווײַל דאָס איז נישט געווען די געוויינהייט אירע. נאָר בײַ זעלטענע פאַלן פלעגט זי אים אָפּוואַרטן. ער האָט באַמערקט אַן ענדערונג אין איר האַלטונג. פאַרטריקנטע טרערן אין אירע אויגן...

אויפן מאָמענט האָט ער געמיינט, אַז אַ קינד איז פאַרשלאָפט געוואָרן. זי האָט אים געוואָלט צוגרייטן צו דעם נײַס ביסלעכווײַז, אָבער זי האָט עס נישט געקענט. אַ וויינענדיקע האָט זי אים דערלאַנגט אַ טעלעגראַמע, אין וועלכער עס איז אים געמאָלדן געוואָרן, אַז ער איז אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זײַן פּאָסטן, וווּ ער האָט געאַרבעט אַ צײַט פון אַ יאָר אַכצן. אין דער טעלעגראַמע האָט זיך אויך געזאָגט, אַז ער זאָל זיך מעלדן אין אַ וואָך אַרום, ווען עס וועט אים אויסגעצאָלט ווערן, לויטן געזעץ, די פולע אינדעמניזאַציע.

כאָטש פאַר אים איז עס נישט געווען קיין איבעררעשונג, האָט עס אים אויפן מאָמענט געגעבן אַ צופּ בײַם האַרצן. אין האַלדז איז אים געוואָרן ענג. ער האָט צעקנעפּלט דאָס העמד, זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן בײַ זיך אין שטוב. זײַן בליק איז געפאַלן אויף די צוויי קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין ווינקל און זיך אָפּגעשטעלט אויף זײַן פרוי, וואָס איז געווען אין די הויכע חדשים, זיך געריכט אין קימפּעט אַרײַן אַ ליאַדע טאָג. כאָטש, ווי געזאָגט, איז פאַר אים נישט געווען קיין איבעררעשונג דאָס אָפּזאָגן אים פון פּאָסטן, האָט עס אים אויפן מאָמענט גערירט.

ער האָט זיך גוט געקענט: אַ שעמעוודיקער, אַ צוריקגעהאַלטענער,

נישט פעאיק צו בעטן ביי יענעם אַ טובה. ער האָט זיך געגעבן רעכע־נונג, אַז מיט דער סומע, וואָס וועט אים אויסגעצאָלט ווערן, כאָטש אַ גאַנץ נישקשהדיקע, וועט ער קיין סך נישט אויפטאָן. אַ מענטש אָן אַ פאַך, אַבסאָלוט גאָר קיין אָנונג נישט אין מסחר, צו וואָס וועט ער זיך נעמען? זינט אַ צייט פלעגן אַרומגיין קלאַנגען אין דעם געשעפט־הויז, ווי ער האָט געאַרבעט, אַז עס וועט רעדוצירט ווערן דער פּערסאָנאַל, אָבער ער האָט זיך איינגערעדט, אַז אים וועט מען נישט טשעפּען. אַז נישט אים מיינט מען. זינט 18 יאָר ווי ער אַרבעט אין דעם געשעפט, וואָס איז אַ מיליאָנען־פירמע. ער איז אַריין אַרבעטן אַלס יינגל, ווען ער איז נאָך קיין פולע 17 יאָר נישט אַלט געווען... אַ שטילער, אַ באַשיידענער, האָט ער מיט זיין אויפפירונג געוואונען די סימפּאַטיע פון די העכערע באַ־אַמטע. מיט דער צייט האָט ער דערגרייכט צו אַ וויכטיקן אַמט. ער איז געווען דער הויפּט־אויפזעער אין דער עקספּעדיציע־אָפּטיילונג, אַן אַמט פון אַ סך צוטרוי און האָט געפאָדערט אַ סך פיזישן כוח. ער איז געווען ווי צוגעפּאַסט צו זיין אַרבעט, זעלטן ווען געפעלט.

מיט אַ חודש צוריק, ווען דער הויפּט־כּערענטע האָט אים געמאָלדן, אַז ער שטייט אויף דער ליסטע פון די אָנגעשטעלטע, וואָס ווען אָפּגע־זאָגט ווערן, האָט עס אים שטאַרק געוואונדערט. ער האָט די האַנדלונג נישט געקענט פאַרשטיין. ער האָט עס זיין פרוי נישט איבערגעגעבן, נאָר דער־פאַר וואָס זי איז געווען אין אַנדערע אומשטענדן, נישט געוואָלט פאַר־שאַפן איר עגמת נפש. ער האָט זיין פרוי זייער געשעצט און די קינדער אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט.

מיגעל וויינשטיין, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן צווישן זיינע גוטע ברידער, „מיגעליטאָ”, איז געווען אַ מענטש פון אַ שיינעם פיזישן אויס־זען, פון הויכן וווקס. אַ קאָפּ געקרייזלטע, שוואַרצע האָר, וואָס האָט אים געמאַכט נאָך העכער. פון זיין קערפּער האָט געשפּראָצט גבורה. כאָטש ער האָט זיך געהאַלטן אין געזעלשאַפט באַשיידן, צוריקגעהאַלטן, האָט ער זיך דאָך מער אָנגעזען ווי אַנדערע. אַ קאַראַקטער אין באַנעמונג מיט מענטשן, כאָטש קיין סך בילדונג האָט מיגעליטאָ נישט געהאַט.

ווען זיינע עלטערן האָבן אים געבראַכט קיין אַרגענטינע, צוזאַמען

מיט צוויי ייִנגערע שוועסטערלעך, פון אַ שטאָט אין פּוילן, איז ער דע־מאָלט אַלט געווען 10 יאָר. ער געדענקט נאָך זיין פאָטער אַזוי ווי אין חלום. צו די צוויי יאָר אָפּזיין אין בוענאָס־איירעס איז דער פאָטער אַוועק אַהין, פון וואַנען מען קומט מער נישט צוריק... אַ לונגען־ליידנדיקער נאָך פון דער אַלטער היים, האָבן די בוענאָס איירעסער פייכטע וועטערן זיין געזונט־צושטאַנד געבראָכן. די מוטער פלעגט שטענדיק פון אים רעדן, אַז ער איז געווען זייער אַ גוטער מאַן און אַ געטרייער פאָטער צו זיינע קינדער.

די מוטער, אַן אלמנה מיט דריי קליינע קינדער, האָט זיך אָפּט געמו־טשעט אויף צו מאַכן אַ לעבן. זי פלעגט אַרויסנעמען געניי פון די גרויסע געשעפטן אויף קאַנינג. ער האָט נאָך רעכט נישט געענדיקט די שול, ווי ער האָט געמוזט גיין אַרבעטן, אַרויסהעלפן זיין מוטער אין דער פּרנסה. אַ דערצויגענער אין דער קאָמפּאַקטער יידישער געגנט פון ווילזשאַ קרעס־פּאָ, האָט ער גערעדט נישט קיין שלעכטן יידיש, אָבער לייענען האָט ער נישט געקענט. געאַרבעט האָט ער ביי פאַרשיידענע פאַכן. ער האָט נישט געקענט איינזיצן אויף איין אָרט. ווען ער איז אַלט געוואָרן 17 יאָר, איז ער דורך אַ רעקאָמענדאַציע אָנגעקומען אַרבעטן אין דעם האַנדלס־הויז. מיגעליטאָ איז געווען אַ טיפּיש יידיש אַרגענטינער יונגערמאַן, אַ קינד פון דעם צווייטן דור פּוילישע יידן.

***

נאָך אַ פּאָר חדשים אַרומגיין אַרבעטלאָז — דאָס הייסט, אַז עפּעס האָט ער דורך דער צייט יאָ געטאָן — ער האָט פּרובירט אַרבעטן אַלס קאָרעדאָר ביי אַ געוויס אַרטיקל, ער האָט זיך, ווייזט אויס, נישט אויט־געטויגט — האָט ער אויף דער עצה פון זיינעם אַ פריינט, זיך איינגע־אָרדנט מיט אַ „פּועסטאָ“ אויף אַ פעריע, אין סאַמע צענטער פון שטאָט, מיט אַ גרויסער מענטשן־באַוועגונג, אויף קאָרדאָבאַ און קאַזשאַאָ. נאָכקו־מענדיק די אַלע נויטיקע פאָרמאַליטעטן איז אים ענדלעך באַוויליקט גע־וואָרן אַ פּלאַץ אויף דער פעריע. ער האָט זיך איינגעקויפט פּאַר אַ פּאָר טויזנט פּעזעס סחורה, וואָס איז באַשטאַנען פון פרויען־אַרטיקלען. דעם

זעלבן פרימאָרגן האָט ער דערקענט זיין שכנטע, וואָס איז געשטאַנען אויף דער פעריע שוין אַ צייט פון פינף יאָר. זי גראַדע האָט פאַרקויפט מענער־אַרטיקלען.

די ערשטע קונים, וואָס האָבן זיך באַוויזן צו מיגעליטאַן, זענען אַוועקגעגאַנגען מיט גאָרנישט, ער האָט דאָס מויל נישט געקענט עפענען. זיינע הענט האָבן זיך נישט געלייגט אַפילו אויסצולייגן די סחורה לויט אַ סדר. די שכנה זיינע האָט אים באַגריסט, זיך פאָרגעשטעלט אַלס אונגאַרישע פרוי פון יידישער אַפשטאַמונג, מיטן נאָמען ווילמאַר קראַנץ. זי האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זיין באַנעמונג צו די קונים איז נישט פון אַ סוחר. זי האָט אים אָנגעהויבן אָנצווייזן, לערנען ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט קונים. ער האָט זיך פאַר איר פאַרטרויט, דערציילט דעם אמת, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן ווי ער גיט זיך אָפּ מיט אַזאַ באַשעפטיקונג.

די אונגאַרישע, אַזוי פלעגט מען זי רופן אויף דער פעריע, האָט אָנגעהויבן אים אַרויסווייזן אויפמערקזאַמקייט. ער איז איר, ווייזט אויס, געפעלן געוואָרן. דאָס איז געווען אַ פרוי פון זעלבן עלטער ווי מיגעליטאַ, אַ פליטה, פינף יאָר אין לאַנד, נאָר אַ סוחרטע אַ ברען, כאָטש זי האָט די לאַנד־שפּראַך נישט געקענט. די ווערטער זענען ביי איר אַרויסגעקומען האַמעטנע, צעצויגן. אָבער זעלטן ווען אַ קונה זאָל האָבן אַוועקגעגאַנגען פון איר „פּועסטאַ״ אומגעקויפט. דאָס איז געווען אַ פרוי אַ הויכע, אַ דיקלעכע; צוליב איר דיקלעכקייט האָט זי אויסגעזען נידעריקער. די אויגן אירע, צוליב דער זעלביקער אורזאַך, האָט מען קוים אַרויסגעזען פון איר פנים, וואָס זענען געזעסן טיף אין קאָפּ. מען האָט נישט אָנגעזען אין איר קיין האַלדז, קיין טאַליע, אַזוי ווי זי וואָלט געווען פון איין שטיק געגאָסן. זי איז געווען זייער אַ צוגעלאָזטע, מיט אַ זייער סימפּאַטיש פנים, וואָס האָט שטענדיק געשמייכלט ביים ריידן. אַ קאָפּ בלאָנדע האָר, וואָס האָט איר געמאַכט מאַיעסטעטיש.

זי האָט מיגעליטאַן דערציילט אירע איבערלעבונגען אין דער אַלטער היים, ווי זי האָט פאַרלוירן אירע אייגענע, בתוכם איר מאַן, מיט וויפל

מאַטערניש ס׳איז איר אָנגעקומען איידער זי איז אָנגעקומען קיין אַרגענ־טינע, ווו זי האַלט זיך אויף ביי אירער אַ קרובה.

אין פאַרלויף פון אייניקע וואָכן האָט זיך פאַרבונדן אַ פריינדשאַפט צווישן די צוויי מענטשן. זי פלעגט אים אָנווייזן ווי איינצוקויפן פאַרשיי־דענע סחורות. נישט איין מאָל פלעגן זיי צוזאַמען פאָרן אויף קאָנינג אָדער אָנסע, איינקויפן פאַרשיידענע אַרטיקלען. אַז זי פלעגט זיין פריי ביי איר „פּועסטאָ״, פלעגט זי אַטענדירן די קונים, וואָס האָבן זיך באַ־וויזן ביי מיגעליטאָן. מיגעליטאָ פלעגט נישט איין מאָל איבעררייזן מיט זיין פרוי וועגן דער אונגאַרישער פרוי, וואָס העלפט אים אַרויס ביי דער „פּועסטאָ״ און ער פלעגט נישט געפינען קיין לויב־ווערטער פאַר איר. ווען נישט די אונגאַרישע, וואָלט ער שוין לאַנג אויפגעגעבן דעם האַנדל.

***

עס איז אים אַוועקגעגאַנגען זייער גוט, ער האָט געלייזט און פאַר־דינט שיין. ער האָט זיך איינגעלעבט אין זיין נייער לאַגע, געווען צופרידן ביז גאָר.

אין אַ טאָג, צי דאָס איז געווען אַ צופאַל, אָדער ספּעציעל צוגעגרייט פון דער אונגאַרישער, זענען זיי געבליבן די לעצטע אויף דער פעריע ביים איינפּאַקן די סחורה, וואָס מיגעליטאָ פלעגט אויס דאַנקבאַרקייט אָראָפּ־טראָגן אין קעלער אַריין, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר אַלע פעריאַנטן. האָט ער פלוצלינג דערזען נעבן זיך די אונגאַרישע... ער האָט דערפילט אירע הענט אויף זיין פנים, ווי זי גלעט זיינע געקרייזלטע האָר. זיי האָבן זיך אומגעקוקט. ביי אַ שוואַכן שיין פון אַן עלעקטריש לעמפּל האָט ער אין אירע אויגן געלייענט די גלוסטעניש און בענקעניש נאָך מענערישער צערטלעכקייט... פון אירע שפּיץ־פינגער, וואָס האָבן געגלעט זיין פנים, האָט אַרויסגעשפּאַרט עראָטישער הונגער. איר מאַסיווער קערפּער האָט זיך קאָנוווּלסיוו געטרייסלט. איר הייסער אָטעם, וואָס ער האָט דערפילט, האָט אים אויף אַ מאָמענט געמאַכט פאַרשיכורן... אין דעם מאָמענט זענען אים קלאָר געוואָרן אירע פאַרלאַנגען. זי האָט צו אים געפּליסטערט ווער־

טער אין אַ פרעמדער שפּראַך, וואָס ער האָט נישט אויפגעכאַפּט, אָבער איר באַגער האָט ער פאַרשטאַנען...

ער איז געבליבן ווי געפּלעפט. עס איז פאַר אים געווען אַן איבער־ראַשונג. ער האָט צו דער פרוי נישט געפילט קיין ליבע און נישט קיין ליידנשאַפט. סעקסועל האָט די פרוי נישט געהאַט אין זיך קיין שום רייץ, בכלל איז מיגעל נישט געווען פון די מענער, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך פרעמדע פרויען. ער האָט זיין פרוי זייער געשעצט און ליב געהאַט. ער איז געווען פון די מענער, וואָס היטן אָפּ זייער פאַמיליע און ווייסן אָפּ־צושאַצן זייער היים. אין אַן אַנדער מאָמענט וואָלט ער געהאַנדלט אַנ־דערש, אפשר ברוטאַל אָפּגעשטויסן, אָבער אין דעם געגעבענעם מאָמענט האָט אים דער זעלבסט־דערהאַלטונג־אינסטינקט געזאָגט, אַז ער זאָל האַנד־לען פאָרזיכטיק. ער איז געווען אַ סך אָפּהענגיק פון דער דאָזיקער פרוי, איר שולדיק געווען אַ סך טובות. אַדאַנק איר האָט ער זיך דערשלאָגן צו אַ שטיקל פרנסה... אין קעלער איז די לופט געווען פייכט און דושנע. אַ באַגאָסענער מיט שווייס, צעטומלט פון דעם אַלעם, האָט ער איר גע־געבן די האַנט אַלס צייכן פון צושטימונג. אויף איר פנים האָט זיך צע־גאָסן אַ שמייכל, וואָס האָט אויסגעדריקט זעלישע צופרידנקייט...

דעם זעלביקן אָוונט איז מיגעליטאָ אַהיימגעקומען זייער שפּעט, אַ צעטראָגענער, אַ מידער. די פרוי זיינע האָט זיך געגעבן רעכענונג. אַז עפּעס האָט געדאַרפט געשען מיט איר מאַן. זעלטן ווען ער זאָל אַהיימ־קומען שפּעט פון דער אַרבעט. אויף איר פראַגע וואָס מיט אים איז, האָט ער, נישט קוקנדיק איר גלייך אין פנים, געענטפערט, אַז ער איז געווען אויף אַ רעמאַטע אין צענטער, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין אָוונט.

**
*

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי לעבן פאַר מיגעליטאָן. דעם אמת גע־זאָגט, איז די איבערלעבונג נישט געווען פאַר אים קיין טראַגעדיע, אָבער קיין אנגענעמע זאַך אויך נישט. ער האָט זיך געפילט שולדיק לגבי זיין פרוי. דאָס געוויסן האָט אים געגעבן צו פילן פון צייט צו צייט, אַז ער

פירט זיך נישט אנשטענדיק. עס פלעגן אים באַפאַלן מינוטן פון חשבון הנפש, ער פלעגט מאַכן אַ פאַרגלייך פון זיין פרוי מיט דער אונגאַרישער. זיין פרוי איז געווען פון מיטלמעסיקער שיינקייט, אָבער אַ בכבודיקע, אַן איבערגעגעבענע פרוי און געטרייע מוטער צו זייערע קינדער. אין אַזעל־כע מאָמענטן פלעגט ער זיך אַליין טרייסטן, אַז ער טוט עס נאָר צייט־ווייליק. ער וועט זיך אויסזוכן אַ צווייטע פעריע און וועט זיך באַפרייען פון דער צוטשעפעניש...

די צייט איז געלאָפן. דאָס אָפזוכן אַ צווייטע פעריע האָט מיגעליטאַ אָפּגעלייגט פון איין טאָג אויפן צווייטן. ער האָט זיך איינגעלעבט אין דער ראָל פון אַ דאָפּלטער שפּיל, ווי אַ אינערלעכע זאַך. דאָס געשעפטל האָט זיך פאַרגרעסערט, עס איז שוין נישט געווען קיין מחיצה צווישן די צוויי „פּועסטאָס". זיי האָבן אָנגעהויבן צו האַנדלען צו שותפות. די גע־שיכטע וואָלט אונדז ווייט אַוועקגעפירט, ווען נישט וואָס גוטע אָדער שלעכטע מענטשן, בייזוויליקע אָדער גלאַט נישט קיין פאַרגינערס, האָבן דורך אַנאָנימע בריוולעך געמאָלדן מיגעליטאָס פרוי, די דאָפּלטע בוכ־האַלטעריע, וואָס איר מאַן פירט, און אַז אַלע מענטשן פון דער פעריע ווייסן דערפון, און נאָר זי טאָלערירט אַזאַ אויפפירונג פון איר מאַן...

אין אָנהייב האָט זי נישט געוואָלט גלויבן אין דער גאַנצער געשיכטע. זי האָט איר מאַן גוט געקענט, ער איז נישט געווען פעאיק איר אָפּצו־נאַרן. אויב אָפילו יאָ, איז עס נישט מיט דער אונגאַרישער, וואָס ביי אַ געלעגנהייט, בעת אַ באַזוך אויף דער פעריע, האָט זי זיך באַקענט. אָבער אַ וואָרעם פון אייפערזוכט האָט אָנגעהויבן עסן איר אינגעווייד... זי האָט אָנגעהויבן צו פאַרגלייכן די לעצטע אויפפירונג פון איר מאַן מיט דער פון אַמאָל... זי האָט זיך דערמאָנט, אַז די רעמאַטעס, וואָס פלעגן פאָר־קומען אין די ערשטע צייטן איין מאָל אין וואָך, קומען פאָר לעצטנס יעדן טאָג... און אַז קומענדיק אַהיים איז ער שטענדיק מיד, דערשעפּט, און אַז די צערטלעכקייט וואָס ער ווייזט איר אַרויס די לעצטע צייטן, איז ווייט צו זיין די פון אַמאָל...

גאָרנישט זאָגנדיק איר מאַן, האָט זי צומאָרגנס געמאַכט אַ באַזוך אויף דער פעריע. דאָס איז געווען אין אַ גרויען נעפּלדיקן פרימאָרגן. אַ

דראָבנער רעגן איז געפאַלן, וואָס האָט געמאַכט בלאָטיק די גאַסן. נאָך פונדערוויטנס האָט זי באַמערקט ווי איר מאַן טראָגט אַ גלאָז מילך פון אַ דערבייאיקער לעטשעריע, און ער האָט עס דערלאַנגט דער אונגאַרישער.

זי איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן נעבן זיי. מיט אַ האַנט־באַוועגונג האָט זי מיט דער זעלבער מילך אָפגעגאָסן די אונגאַרישע. אין געציילטע סעקונדעס האָבן צוויי פאָר הענט זיך איינגעקלאַמערט איינע אין דער צווייטנס האָר. שאַרפע נעגל האָבן זיך איינגעשניטן אין די פּנימער, מיט די ציין זיך געביסן. ביים גראַנגל זענען די צוויי פרויען אומגעפאַלן, מיטשלעפנדיק די צוויי „פועסטאָס" מיט סחורה. העמדער מיט „קאָמבי־נאַסיאָנעס", אונטערוועש, האָבן זיך אויסגעמישט צוזאַמען אַרום די צוויי פרויען, וואָס האָבן געקעמפט ווי צוויי טיגערינס... די ערד איז געווען נאַס, גליטשיק. מענטשן זענען אַנגעלאָפן ווי אויף אַ בייז ווונדער. מיט מי און אָנשטרענגונג האָט מען זיי פאַנאַנדערגעשיידט. עס איז אָנגעקומען אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן פון די צוויי פרויען און מיט אַ באַפעלערישן טאָן אָנגעהויבן מאַכן אַ פּראָטאָקאָל...

מענטשן האָבן דערווייל אויפגעהויבן די פאַרבלאָטיקטע סחורה פון דער ערד. ווי נישט איז צוריק אויפגעשטעלט די צוויי „פועסטאָס". אויף דער אָנפראַגע פונעם פּאָליציאַנט, ווער איז דער אייגנטימער פון דער „פועסטאָ" 27, האָט זיך אָפּגערופן די אונגאַרישע. אַלס אייגנטימער פון דער „פועסטאָ" 73, האָט זיך אָפּגערופן מיגעליטאָס פרוי — דאָס הייסט נישט איך, נאָר מיין מאַנס.

— ווו איז אייער מאַן ?

מען האָט גערופן זיין נאָמען, קיינער האָט נישט געענטפערט.

די צוויי פרויען האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט די בליקן, אָבער דאָס מאָל נישט מיט קיין האַס, נאָר מיט שרעק פאַרן גורל פון מיגעליטאָן... און ביידע מיטאַמאָל האָבן אָנגעהויבן צו שרייען אויפן הויכן קול: — „מיגעל, מיגעליטאָ! מיגעל, מיגעליטאָ!"

מיגעליטאָ איז פאַרשוווּנדן, אַזוי ווי די ערד וואָלט אים איינגע־שלונגען.

# דריי פריינד

ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט נאָך זעכצן יאָר, איז די שמחה זייערע געווען ביי זיי גאָר גרויס. דאָס איז געווען אויף דער גאַס האַרט ביים אַריינגאַנג אין אַ יידישן רעסטאָראַן, אין אַ זונטיק, אין די מיטיק־שעהן. דאָס זענען געווען צוויי חברים, וואָס האָבן זיך געקענט פון קינדוױיז אָן. זייערע עלטערן האָבן געוווינט אויף דער זעלביקער גאַס אין דעם קליי־נעם שטעטל אין פוילן. געגאַנגען צוזאַמען אין זעלביקן חדר אַלס קינ־דער, שפּעטער זיך געלערנט ביי אַ מלמד אין די נאָכמיטיק־שעהן. קינדער פון אָרעמע עלטערן, האָבן זיי געמוזט פון זייער פריסטער יוגנט צוהעלפן אין דער פרנסה. אַלס דערוואַקסענע בחורים געווען חברים. דער פּסיכאָז פון אויסוואַנדערן אין די מרחקים האָט זיי באַהערשט. די דעמאָלטיקע לאַגע אין פוילן איז געווען אויסזיכטלאָז. האָבן זיי באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַרגענטינע.

געקומען זענען זיי קיין בוענאָס־איירעס כמעט אין איין צייט, מיט אַ דיפערענץ פון זעקס חדשים. זיי האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט זיך צו טרעפן אין בוענאָס־איירעס. איינער דעם צווייטן האָט געגעבן אַדרעסן. עס האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט, אַז אשר, וואָס איז געקומען דער ערש־טער, האָט באַלד באַקומען אַרבעט ביי זיין פאָן, ביי שוסטעריי, אין אַ פּראָווינץ־שטאָט, אַ פּאָר שעה רייזע פון בוענאָס איירעס.

ווען יאַנקל איז געקומען צו פאָרן, האָט ער זיך אַפילו באמית געוואָר צו ווערן פון אשרן. עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. אַזוי איז געלאָפן די צייט. און איינער פון צווייטן האָט כמעט ווי פאַרגעסן. און דאָ, פּלו־צים, אַזאַ באַגעגעניש.

זיי האָבן זיך האַרציק צעקושט, זענען אַריין אין רעסטאָראַן, באַ־

שטעלט אַ גרויסאַרטיקן פיינעם מיטיק, פאַרטרונקען מיט ביר. אַזוי אַרום געפייערט די באַגעגעניש.

אין דער צייט פון עסן האָבן זיי געהאַלטן אין איין רעדן, דערציילט און איבערגעגעבן פּאַסירונגען, עפּיזאָדן, וואָס דורך דער צייט איז מיט זיי פּאַרלאָפן. דערמאָנט דאָס קליינע שטעטל, זייערע פאַמיליעס, וואָס פאַר אַ סך־הכל דער היטלער־חורבן האָט געמאַכט מיט זייערע נאָענטע, באַקאַנטע, פריינד און חברים... אַ שלל מיט ווערטער האָבן זיי אויס־גערעדט.

אָשר און יאַנקל,ביידע אין איין עלטער, כמעט מיט דער זעלביקער גראַד קולטור, האָבן זיי פאַרמאָגט אַ פיזיש אויסזען, וואָס איז געווען גאַנץ פאַרשיידן. אָשר איז געווען פון מיטעלן וווקס, אַ בלאָנדער, מיט בלויע, וואַסערדיקע אויגן, מיט אַ פליך אויפן קאָפּ, אַ בייכל, צוליב וועלכן דאָס רעקל איז נאָר געווען פאַרקנעפּלט אויפן ערשטן קנאָפּ, מיט אַ נאָז אַביסל פאַרריסן אויף אַרויף. דאַקעגן, יאַנקל, איז געווען פון גאָר הויכן וווקס. אַ שוואַרצער, מיט אַן אָדלער־נאָז, מיט אַן אויסגעצויגענעם לאַנגן האַלדז, ווו עס האָט זיך בולט אָנגעזען אַ שאַרפער גאַרגל־קנאָפּ. ווייזט אויס, אַז יאַנקל האָט זיך מיט דעם גאַרגל־קנאָפּ געשעמט, ווייל דריי פערטל יאָר איז ער געגאַנגען אָנגעטאָן אַ טיכל אויפן האַלדז, וואָס האָט אים דעם קנאָפּ פאַרשטעלט. אין די גרויסע היצן איז ער געגאַנגען אָנגעטאָן ספּעציעלע קעלנער, וואָס האָבן אים דעם גאַרגל־קנאָפּ, טייל־ווייז פאַרשטעלט.

ווען זיי זענען אָנגעקומען אין לאַנד, זענען זיי אַלט געווען צו 25 יאָר. איצט, ביים באַגעגענען זיך, האָבן זיי נאָרוואָס אַריבערגעשפּאַנט די פערציקער. אָשר האָט זיין חבר איבערגעגעבן, ווי ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין אַ ווייטער פּראָווינץ־שטאָט. אַ פּאָר יאָר געאַרבעט ביי יע־נעם, געשפּאָרט אַ פּעזע צו אַ פּעזע, איינגעאָרדנט זיך מיט אַ שוסטער־קלייטל. אויסגעזוכט זיך אַ פרוי, חתונה געהאט. פון קיין גבירהשאַפט איז נישט געווען צו פּרעטענדירן, אָבער ער האָט געהאט פּרנסה. געפירט אַ צופרידן פאַמיליע־לעבן. דער איינציקער שוואַכער פּונקט אין זייער לעבן איז געווען, וואָס זיי זענען געווען קינדערלאָז. ער האָט זיך שוין

צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז אַזוי דאַרף עס זיין, אַז ביי דער נאַטור קען מען בגעוואַלד גאָרנישט נעמען. אָבער די פרוי זיינע איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן. נאָך אַ פּאָר חדשים, נישט קענענדיק קומען צו זיך, איז זי געשטאָרבן.... ער האָט געפּרוווט נאָכאַמאָל זיך צו פאַרבינדן מיט אַ פרוי, אָבער ער האָט שלעכט אַריינגעטראָפן. ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ זייער שלעכטער פרוי, וואָס איז אים דערגאַנגען די יאָרן. ער האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן פון איר. זיך צעשיידט פון איר. אָבער ער האָט שוין מער אין דעם שטעטל נישט געוואָלט בלייבן און ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין בוענאָס־איירעס, ווו ער געפינט זיך שוין אַ יאָר דריי, ווו ער האָט זיך איינגעאָרדנט מיט אַ שוסטער־קלייטל אין אַ ווייטער געגנט, וואָס איז ווייניק באַוווינט פון יידן. ער מאַכט זיך אַ שיין לעבן, פאַרדינט גוט און זיין שטרעבונג איז: אָפּצוזוכן אַן אָרנטלעכע פרוי און אָנפאַנגען אויפסניי צו פירן אַ פאַמיליע־לעבן.

יאַנקל האָט זיין פריינד איבערגעגעבן, דערציילט באריכות וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן די ערשטע צייטן אין די גרינע יאָרן. נישט האָבנדיק קיין פאַך, איז ער געוואָרן אַ „קאָרעדאָר״ ביי אַ קוענטעניק, ווי אַזוי ער האָט זיך געמוטשעט, ביז ער איז געוואָרן אַליין אַ קוענטעניק. אויף פּרנסה פאַרדינט ער גאַנץ שיין. ער האָט זיך אויף דעם גאָרנישט צו באַקלאָגן. אָבער איין זאַך האָט ער דורכגעלאָזט און פאַרזען. ער האָט זיך נישט דערשלאָגן צו אַ פאַמיליע־לעבן. די ערשטע צייטן האָט ער, איינפאַך, נישט פאַרדינט און נישט געווען צוגעגרייט צו פירן אַ פאַמיליע־לעבן. שפּעטער, ווען ער האָט שוין געהאַט די מעגלעכקייט, האָט ער זיך נישט געקענט צופּאַסן אַ מיידל אָדער אַ פרוי. די פרוי, וואָס ער האָט געוואָלט, האָט אים נישט געוואָלט, אָדער פאַרקערט... אַזוי איז געלאָפן די צייט, ביז ער איז געבליבן אַן אַלטער בחור. פאַרענדיקט האָט יאַנקל מיט אַ זיפץ:

— ווער ווייסט, צי כ׳וועל שוין אַמאָל חתונה האָבן...

די צוויי פריינד זענען געזעסן אַ לאַנגע צייט, געשמועסט, און ביים געזעגענען זיך, געגעבן די אַדרעסן. עס איז ביי זיי געבליבן, אַז יאַנקל

זאָל דער ערשטער וויזיטירן אשרן, ווײַל אָשר איז אַ פּאַרנומענער מענטש, צוגעבונדן צו זײַן קלײטל.

***

אָשר זעמבאַ, האָט געהאַט אַ סך שוועריקייטן בײַם אײַנאָרדענען זיך אין בוענאָס־אײַרעס. נישט אַזוי לײַכט איז אים אָנגעקומען צו קריגן אַ צוגעפּאַסט קלײטל מיט אַ דירה. ענדלעך האָט ער אָפּגעזוכט אַ ווײַטע געגנט, שוואַך באַוווינט פון יידן, אַן אַרבעטער־געגנט. קײן אַרבעט האָט אים נישט געפעלט, נאָך צופיל פאַר אײן מענטש. ער האָט נישט געהאַט ווער עס זאָל אים פירן די באַלעבאַטישקײט, נישט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורײדן. ער האָט זיך אָנגעהויבן נאָכצופרעגן בײַ שכנים און בײַ זײַנע קליענטן, מען זאָל אים רעקאָמענדירן אַ פרוי אויף אַ האַלבן טאָג. ביז אין אַ טאָג איז אַרײַנגעקומען אַ פרוי, באַגלייט מיט אַ מײדעלע פון אַ יאָר צוועלף־דרײַצן, פאַררײכטן אַ פּאָר שיך. אָפּגעבנדיק זיך רעכענונג, אַז דאָס איז אַ יידישע פרוי, האָבן זײ זיך פאַנאַנדערגערעדט. האָט זיך אַרויסגעוויזן, צו זײַן צופרידנקײט, אַז די פרוי גיט זיך אָפּ מיט וואַשן וועש. זי האָט אים דערציילט, אַז זי איז אַן אלמנה מיט דרײַ קינדער, צוויי קלענערע קינדער האָט זי אַרײַנגעגעבן אין בית־יתומים צו דער־ציען. דאָס עלטסטע האָט זי מיט זיך. זי וווינט נישט ווײַט פון אים, אײנגאַנצן פינף קוואַדרעס.

אָשר האָט איר אָנגעבאָטן, אַז זי זאָל פירן די ווירטשאַפט בײַ אים. האָט זי דאָס גלײַך אָנגענומען.

צו זײַן צופרידנקײט איז נישט געווען קײן גרענעץ.

דאָס איז געווען אַ פרוי פון נידעריקן וווּקס, אַ דיקלעכע, מיט אַ רויטלעך גרויסן, קײַלעכדיקן פּנים, אַביסל אַ שיקלדיקע, וואָס האָט גע־מאַכט איר קוקן תמעוואַטע, צילאָז. איר אויסזען איז געווען ענלעך צו אַ פּוילישער דאָרפס־פרוי.

די אַלע זאַכן האָבן אָשרן קנאַפּ וואָס אינטערעסירט אויפן מאָ־מענט. ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַן אויסערגעוויינלעכע געלעגנהײט. ער וועט האָבן ווער עס זאָל אים פירן די באַלעבאַטישקײט.

די צײַט איז געפלאָסן נאָרמאַל. אָשר האָט געאַרבעט. די פרוי פלעגט

קומען צו אים טעגלעך אויף אַ פּאָר שעה, צו מאַכן אין אָרדענונג די הויז־ווירטשאַפט, קיין באַשטימטע צייט האָט די פרוי נישט געהאַט. אַמאָל אין די פרימאָרגן־שעהן און אַמאָל אין די נאָכמיטיק־שעהן. אָבער מאַנטיק פלעגט זי קומען שטענדיק אין די פרימאָרגן־שעהן, ווייל אָשר פלעגט שטענדיק אין דעם טאָג פאָרן אין צענטער, איינקויפן פאַרשיי־דענע סחורות, צודאַטן פאַר זיין וואַרשטאַטל. ער פלעגט איר איבערלאָזן די שטוב, דאָס קלייטל, מיטן גרעסטן צוטרוי.

מיט דער צייט האָט זיך פאַרבונדן אַ פריינטשאַפט צווישן די צוויי מענטשן, און עפּעס מער ווי אַ פריינטשאַפט. זי איז נאָך געווען אַ יונגע פרוי, קרוב צו די פערציק יאָר, אַ הייסבלוטיקע. די אָרעמקייט און די צרות, וואָס די פרוי האָט דורכגעמאַכט אין איר לעבן, האָבן איר נישט געקענט אָפּטוימען דעם שטאַרקן דראַנג אין אירע בלוטן... ווען דער מאַן אירער האָט געלעבט, איז זי געווען אַליין. ער איז געווען אַ שוואַכער, אַ קרענקלעכער, האָט ער זיך צו איר באַצויגן ווי אַ קראַנקער. ווען זי האָט זיך באַקענט מיט אָשרן, איז זי שוין געווען זעקס יאָר אינגאַנצן אָן איר מאַן. ער איז מיט זעקס יאָר צוריק געשטאָרבן. זי פלעגט טיילמאָל, אין די אָוונטן, אויסזוכן אַ תירוץ, אַריינקומען צו אָשרן אין קלייט און שוין פאַרבלייבן און פאַרברענגען מיט אים... זי האָט גוט געוווסט, אַז זי זינ־דיקט, און זיך געשעמט, אָבער אירע קאָכעדיקע ליידנשאַפטן זענען גע־שטילט געוואָרן. זי האָט זיך איינגערעדט, אַז אָשר וועט מיט איר חתונה האָבן. מעגלעך, אַז אין מאָמענטן פון עקזאַלטאַציע האָט ער איר דאָס צוגעזאָגט, אָבער ווען אָשר האָט זיך אויסגעניכטערט, געשטילט זיינע ליידנשאַפטן, האָט ער איר באַלד געזאָגט, אַז „צו דעם" קאָן עס נישט קומען... ער האָט געפילט, אַז אויב ער האָט חתונה מיט דער פרוי, וועט אים דער בית־יתומים גלייך צושיקן אירע צוויי קינדער. און ווערן מיט־אַמאָל אַ פאָטער פון דריי קינדער איז פאַר אים געווען צופיל.

***

דער טאָג, ווען יאַנקל, זיין יוגנט־פריינד, איז געקומען צו אים אויף אַ באַזוך, איז געווען ביי אים אַ גאַנצער יום־טוב. זעלטן ווער עס פלעגט

צו אים קומען. ער האָט קיין פריינט אין בוענאָס־איירעס נישט געהאַט, האָט ער יאַנקלען אויפגענומען מיט אויפריכטיקער צופרידנקייט. ער איז אַליין געגאַנגען אין „אַלמאַסען" איינקויפן ביר מיט צובייסן און דער־לאַנגט כיבוד.

יאַנקלען האָט שטאַרק געוואונדערט די אָנוועזנהייט פון דער פרוי. לויט איר אויפפירונג אין שטוב איז זי געווען ווי אַן אייגענע. ביי דער באַגעגעניש מיט זיין פריינד האָט ער דאָך מיט גאָרנישט דערמאָנט וועגן האָבן אַ פרוי אין שטוב.

אָשר האָט זיך אָפּגעגעבן רעכענונג פון זיין פריינדס פרעגנדיקע בליקן. האָט ער אים פאָרגעשטעלט פאַר דער פרוי, וואָס האָט זיך אָנגערופן פייגע זלאָטניק. דערביי האָט פייגע אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי איז געווען אַ תמימותדיקע. יעדע נייע באַקאַנטשאַפט פלעגט זי אַריינברענגען אין אַ פאַרלעגנהייט.

אָשר האָט אויפגעקלערט זיין פריינד, אַז פייגע פירט אים די באַלעַ־באַטישקייט. דערביי האָט ער זי געריכט פאַר איר געטרייַשאַפט און ער־לעכקייט. יאַנקל האָט אים שטילערהייט געפרעגט:

— זאָג מיר נאָר, אשרל... נישט מער ווי די באַלעבאַטישקייט?

אָשר האָט אָנגעשטעלט זיינע וואָסערדיקע אויגן אויף זיין פריינד. ער האָט גוט געוווסט, צו וואָס יאַנקל צילט און איז אויסן מיט זיין פראַגע. אויפן מאָמענט האָט עס אים אַריינגעבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט און אַרויסגערופן פאַרדראָס. אָבער, נישט וועלנדיק דיסקוטירן מיט זיין פריינד, האָט ער זיך געמאַכט נישט הערנדיק און דורכגעלאָזט די פראַגע. יאַנקל האָט זיך באַמיט אַריינצוציען די פרוי אין זייער שמועס. אָבער זעענדיק, אַז דאָס גיט זיך אים נישט איין, ווייל פייגע, פאַרטאָן אין איר אַרבעט, האָט זיך כמעט נישט צוגעהערט צו זייער שמועס. האָט יאַנקל אַרויסגענומען פון זיין בוזעם־טאַש אַ פּעקל איינגעוויקלט אין צעלאָפאַן־פאַפיר. אין דעם פּעקל זענען געווען פאַרשיידענע גאָלדוואַרג־אַרטיקלען, זייגערלעך, פינגערלעך, בראַסלעטן. מכלומרשט האָט ער אָנגעהויבן גלייך צו לייגן די אַלע זאַכן. פייגע, באַמערקנדיק פונדערווייטנס די אַלע זאַכן אויפן טיש, האָט מיט אירע אויגן אויפגעלויכטן. זי האָט זיך צוגעזעצט

צו זיי, אָנגעהויבן באַטראַכטן די אַלע זאַכן. פון אייביק אָן האָט זי גע־האַט אַ שטאַרקן חשק פאַר גאָלדענע חפצים. זי האָט עס אין איר לעבן קיינמאָל נישט געהאַט. אַז עס פלעגט איר אויסקומען דורכצוגיין אַ גע־שעפט פון צירונג־אַרטיקלען, פלעגט זי זיך שטענדיק אָפּשטעלן ביי דעם פענצטער און איינעסן זיך מיט די אויגן אין די אַלע שיינע זאַכן. אויף איר ברייטן פּנים האָט זיך צעלייגט אַ שמייכל, נישט קאָנענדיק זאָט אָנ־קוקן די אַלע זאַכן.

יאַנקל האָט געקענט די קונץ פון אָנציען אַ קונה. ער האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אַז ער פאַרקויפט אויף אויסצאָלן און אויף קליינע וועכנטלעכע ראַטעס.

צוגערעדט האָט ער איר צו אַ זייגערל נישט קיין טייערס, אַ באַ־גילדטס, וואָס האָט געהאַט אַ זיידן בענדל. זי האָט געהאַט אַ ברייטע האַנט — אַלע לעדערלעך זענען געווען צו קליין.

אָשרן איז די גאַנצע געשיכטע נישט געפעלן געוואָרן. דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיין פריינד קומט צו אים אין שטוב אַריין און שוין מאַכט ער געשעפט... אָבער ער האָט ביי זיך געטראַכט:

— זאָל מיינס איבערגיין!

אָשר האָט גוט געזאָגט פאַר דעם זייגערל. מיט דעם האָט יאַנקל זיך געמאַכט אַ וועג צו קומען וועכנטלעך איינצוקאַסירן די ראַטע.

פייגע האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר יאַנקלען. זעענדיק ביי אים אַזוי פיל גאָלדענע זאַכן, האָט זי געטראַכט, ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ גרויסער גביר ער דאַרף זיין. שטענדיק אָן אָרעמע, אַ דערשלאָגענע, האָט זי געהאַט גרויס אָפּשיי פאַר רייכע מענטשן.

אַזוי אַרום, באַקענענדיק זיך מיט די געוווינהייטן פון זיין פריינד אָשר, פלעגט שוין אַזוי אויסקומען, אַז יאַנקל פלעגט קומען איינקאַסירן זיין וועכנטלעכע ראַטע יעדן מאָנטיק אינדערפרי. מיטן תירוץ, אַז דעם טאָג אַרבעט ער אין דער געגנט. אָשר האָט קיין שום שלעכטס נישט געטראַכט פון זיין פריינד. אים האָט אַבסאָלוט נישט אינטערעסירט, ווען יאַנקל קומט איינקאַסירן ביי פייגען, נאָר ווען אָשר איז איין מאָל גע־קומען פאַר דער צייט אַהיים און געטראָפן יאַנקלען אין שטוב, האָט ער,

לויט זיין האַלטונג, זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז פייגע איז נישט בלויז יאַנקלס אַ קליענטין, נאָר אַז צווישן זיי איז דאָ אַ נאָענטע פריינטשאַפט. אַ זאַך, וואָס ער האָט ביז איצט אינגאַנצן נישט באַמערקט.

דאָ האָט אָשרן אָנגענומען אַ חשק אויסצופּאַטשן זיין פריינד און פאַרטרייבן אים פון שטוב. אָבער דער אונטערבאַוווסטזיין האָט אים אונ־טערגעזאָגט, אַז ער זאָל זיך צוימען מיט זיין כעס. ווייל פייגע איז דורך דער צייט געוואָרן זיין צווייטע האַנט. אַ חוץ דעם, וואָס זי האָט אים געפירט די ווירטשאַפט, האָט זי אים איינפּאַך אַרויסגעוויזן אמתדיקע געטריישאַפט. מיטן צעקריגן זיך מיט יאַנקלען קאָן ער אַמאָל פאַרלירן פייגען. דאָס איז געווען דער צווייטער פאַל, ווען יאַנקלס אויפפירונג איז אים נישט געפעלן געוואָרן. צו פייגען האָט ער קיין טענות נישט גע־קענט האָבן. זי איז דאָך זיין געזעצלעכע פרוי נישט געווען! ער האָט אויך קיינעם קיין פאַרוואורף נישט געקאָנט מאַכן. ער אַליין האָט דאָך זיין פריינד געבראַכט צו זיך אין שטוב.

אָשר האָט זיך איצט דערוווסט די טאָפּלטע שפּיל, וואָס יאַנקל פירט מיט אים. געווען מאָמענטן, ווען עס האָט אים געפערלעך ווי געטאָן די גאַנצע געשיכטע. עס זענען אָבער אויך געווען מאָמענטן, ווען אָשר האָט ביי זיך געטראַכט, אַז אַ מענטש דאַרף נישט זיין קיין עגאָאיסט. פאָרט אַ יוגנט־פריינד! כמעט דער איינציקער, וואָס איז אים געבליבן פון זיין געבוירן־שטעטל. ווען יאַנקל וואָלט געווען מיט אים אָפּנהאַרציק, וואָלט ער אפשר קיין פאַרדראָס אויף אים נישט געהאַט.

אַזוי זענען זיי אין דרייען כמעט שטענדיק געווען צוזאַמען.

די צייט איז געפלאָסן נאָרמאַל. דער פאַרדראָס אויף יאַנקלען האָט מיט דער צייט זיך געהאַלטן אין אויסוועפן. ביז אין אַ שיינעם נאָכמיטיק, ווען זיי זענען אין דרייען געזעסן און געמיטלעך גע־זופּט אַ מאַטע, האָט זיך פייגע פלוצלינג צעוויינט. אויף זייער אָנפראַגע וואָס מיט איר איז געשען, האָט זי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן געזאָגט, אין חלל אַריין, נישט קוקנדיק אויף זיי, אַז זי שוואַנגערט שוין דעם דריטן חודש, זי ווייסט נישט וואָס זי זאָל טאָן, און זי שעמט זיך צו ווייזן זיך אויף דער גאַס: ס'דאַכט זיך איר, אַז אַלע מענטשן קוקן איר נאָך, און

כאָטש מען האָט נאָך גאָרנישט אָנגעזען, האָט זי זיך איינגערעדט, אַז אַלע ווייסן שוין דערפֿון...

אָשר מיט יאַנקלען האָבן זיך שטום אָנגעקוקט מיט אויגן פֿול מיט האַס, ס׳האָט ביי זיי דאָס לשון אָפּגענומען. אַ פּאָר מינוט זענען זיי אַזוי געזעסן, ווי אין אַ היגערפלעט, נישט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט. דער ערשטער, וואָס האָט איבערגעריסן דאָס שטילשווייגן, איז געווען אָשרל.

— נו, מילא, וועט איר צוגיין צו אַ דאָקטער און פּטור...

— נישט איצט! — האָט זיך פּייגע רעכט צעוויינט מיט ספּאַזמעס, אין אַ מין העשען.

פֿון אירע אָפּגעריסענע האַלבע ווערטער, וואָס זי האָט אַרויסגעלאָזט פֿון איר מויל, האָבן זיי אויפֿגעכאַפּט, אַז זי איז שוין געווען ביי אַ דאָקטער, וועלכער האָט איר געזאָגט, אַז זי, ביי אירע יאָרן, איז איינגעשטעלט מיט איר לעבן, אויב זי וועט אַזאַ זאַך טאָן...

פֿון געוויין איז זי אַריבער צו אַ קוויטשעריי, אַז מערדערס, באַנ־דיטן האָבן זיך פֿאַרלייגט אויף איר, ווילן זי אומברענגען פֿאַר דער צייט, יונגערהייט וויל מען זי טרייבן אין קבר אַריין, און אַז אירע יתומים, געבעך, די וואָס האָבן נישט קיין טאַטן, וועלן איצטער קיין מאַמע אויך נישט האָבן...

יאַנקל האָט מער נישט געקענט אויסהאַלטן. ער האָט זיך אויפֿגע־הויבן פֿון דער שטול, צעבונדן דאָס טיכל אויפֿן האַלדז. אַ זאַך וואָס ער פֿלעגט עס זעלטן טאָן, געוואָרפֿן אין חלל אַריין אַ פּאָר ווערטער, אַז עס איז דאָ שרעקלעך הייס, און כאָטש עס איז געווען אין דרויסן אַ שלעכט וועטער, אין סאַמע מיטן ווינטער, וועט ער אַרויסגיין אויף אַ פּאָר מינוט כאַפּן אַביסל פֿרישע לופֿט... אָשר, כאַפּנדיק זיך, אַז יאַנקל וויל פֿאַרלאָזן די וווינונג, האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר און געזאָגט:

— יאַנקל, דו ביסט דער שולדיקער, אַזוי אַז דו וועסט טראָגן די קאָנסעקווענצן!

— אָשר, — האָט יאַנקל געזאָגט — דו מאַכסט אַ טעות. איך בין נישט פּעאיק אויף אַזעלכע זאַכן. איך וועל דיר איצט דערציילן אַ זאַך, וואָס איך האָב דיר נישט געזאָגט ביי דער ערשטער באַגעגעניש און די

גאַנצע צייט געהאַלטן בסוד. אויך אים האָב נישט חתונה געהאַט, איז דאָס צוליב דעם, ווייל דאָקטוירים האָבן מיר געזאָגט, אַז איך וועל נישט קענען קיין טאַטע ווערן... האָב איך נישט געוואָלט אומגליקלעך מאַכן אַ פרוי. אַזוי אַז פון מיר איז עס נישט...

דאָ האָט אָשר מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. דאָס טריפהנע בלוט האָט זיך ביי אים אָנגצונדן.

— ווע‍מען האָקסטו אַ טשייניק מיט אַזעלכע מעשיות? דו, מיאוסער זשוליק, וואָס דו ביסט!

און כאַפנדיק אַ קאַפּיטע, האָט ער אויסגעשריען:

— מיט דעם וועל איך דיר שפּאַלטן דעם קאָפּ, ווע‍לן מיר זען, צי עס וועט גיין וואַסער אָדער בלוט!... איך דריי מיך שוין אַרום אויף דעם נאַרישן וועלטל צוויי און פערציק יאָר און דאָס ערשטע מאָל איז מיין לעבן הער איך, אַז עס עקזיסטירן אַזעלכע מענער... פון מיר איז עס גע־ווים נישט. עדות זענען די צוויי פרויען וואָס איך האָב געוווינט מיט זיי, מיט דער ערשטער אַכט יאָר און מיט דער צווייטער דריי יאָר... זיי האָבן קיין קינדער נישט געהאַט. די צווייטע פרוי איז מיר טאַקע צוליב דעם דערגאַנגען די יאָרן. ווילסטו מיר גאָר איינרעדן, אַז עס איז פון מיר? הלוואַי וואָלט עס געווען פון מיר, וואָלט איך געווען אַ גליקלעכער מענטש!

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און מען איז אַריבער צו פּעטש. און ווען נישט פייגע, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן, ווער ווייסט צו וואָס עס וואָלט געקומען.

אָשר האָט זיין פריינד אַרויסגעטריבן פון שטוב, אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל זיך פאַר זיינע אויגן מער נישט ווייזן. אויסבייטלענדיק זיינע חלומות און מיטגעבנדיק יאַנקלען אַ היפּש ביסל קללות.

יאַנקל איז אַ פאַרשעמטער אַוועק פון זיין פריינדס שטוב.

***

אַ יאָר איז אָפּגעפלאָסן פון דער פּאַסירונג.

יאַנקל האָט פון זייטיקע מענטשן זיך דערוווּסט, אַז פייגע האָט גע־בוירן אַ ייִנגעלע, אַז זי האָט זיך איינגעאָרדנט ביי אָשרן אין שטוב, כאָטש

פאַרמעל האָבן זיי נישט חתונה געהאַט, ווײַנען זיי ווי מאַן און ווײַב. דעם אמת געזאָגט, האָט אים נישט איין מאָל געצויגן צוצוגיין צו אָשרן אין שטוב, כאָטש אָנקוקן דאָס קינד. אַביסל האָט ער זיך געשעמט צו ווײַזן דאָס פּנים. אַביסל האָט ער מורא געהאַט פאַר אָשרן. די לעצטע באַליידיקונג, וואָס ער האָט באַקומען פון אָשרן, האָט אים נאָך ווי געטאָן. ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז ער איז נישט דער פאָטער פון קינד.

איינמאָל, זייענדיק אין דער געגנט, פאַרבײַגייענדיק אַ פּלאַסע, האָט ער פונדערווייטנס באַמערקט, ווי פייגעס מיידל שטופּט אַ קינדער־וועגעלע. ער האָט צוגעאײַלט זײַנע טריט, אויס נײַגעריקייט געוואָלט אָנקוקן דאָס קינד. ווען ער האָט עס דערזען, איז ער ממש אויפגעציטערט געוואָרן. אַ קאַלטער שווייס איז אים אַרויס אויפן שטערן. ער האָט געפילט, אַז דאָס האַרץ קלאַפּט ביי אים שטאַרקער ווי שטענדיק... ער האָט זיך געזען אין מיניאַטור אין וועגעלע: זיין נאָז, זײַנע האָר, מער פון אַלץ האָט זיך אָנגעזען דאָס גאָרגעלע ביים קינד מיטן שאַרפן גאָרגל־קנאָפּ... דאָס איז געווען אַ ירושה־צייכן. ער געדענקט גאַנץ גוט זיין פאָטער, זיין זיידע האָבן געהאַט דעם ספּעציפישן צייכן. ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט, וואָס פאַר אַ פעלער ער איז באַגאַנגען. ער האָט בידים, מיט זײַנע הענט אָפּגעשטופּט זיין אייגן קינד.

אַ רחמנות־געפיל האָט אים באַהערשט צו דעם ווען, וואָס איז געלעגן אין וועגעלע, און אַ מינדערוויכטיק געפיל צו זיך אַליין. וואָס טוט מען איצט ?

ער האָט דאָס וועגעלע צוגעפירט צו אָשרן אין קלייטל. ער האָט נישט געוווסט ווי אַזוי אָנצוהייבן צו ריידן. דאָס אַלץ האָט אויף אים געווירקט אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך געפונען ווי אין אַ לעטאַרגישן שלאָף...

אַרויסגענומען פון אַט דעם צושטאַנד האָט אים אָשר, ווען ער האָט אים דערזען. ער האָט אים באַגעגנט און אויפגענומען מיט — אַ שפּראַך. יאַנקל האָט אים דאָס מאָל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אויסגעהערט און

אים גאָרנישט געענטפערט. ער האָט זיך געפילט מוראדיק דערשלאָגן. און אַז ער איז צו זיך געקומען, האָט ער געזאָגט:

— אָשר, דו זעסט דאָך, אַז דאָס קינד איז מיינס, טאָ גיב עס מיר אָפּ!

— וואָס הייסט, עס איז דיין קינד? — האָט אָשר געפרעגט — האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו ביסט פון די מענער, וואָס קענען קיין קינדער נישט האָבן... און דאָ, מיטאַממאָל, איז עס דיין קינד! און ווו ביסטו גע־ווען די גאַנצע צייט, טאַטעלע מיינער?...

מיט אַ צעוויטיקטער שטילער שטים און מיט טרערן אין די אויגן האָט יאַנקל אָנגעהויבן צו רעדן, אַז דאָקטוירים האָבן אים אָפּגענאַרט און פאַרפירט. ווען ער ווייסט, וואָלט ער שוין לאַנג חתונה געהאַט.

— זעסט דאָך, אשר, דאָס קינד איז אינגאַנצן ענלעך צו מיר! זע דעם גאָרגל מיטן קנאָפּ.

און דערביי האָט ער אויפגעוויקלט דאָס טיכל ביים האַלדז און גלייכ־צייטיק אָנגעוויזן אויפן קינד, וואָס האָט דעם זעלביקן צייכן.

דערווייל איז אָנגעקומען פייגע. דערוויסנדיק זיך דעם צוועק פון יאַנקלס באַזוך, האָט זי מיט איר תמימותדיקייט געזאָגט:

— מעגלעך, אַז איך האָב זיך ביים טראָגן פאַרקוקט אויף יאַנקלען...

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן מענטשן. עס האָט געדראָט מיט אַ סקאַנדאַל.

מען האָט יאַנקלען אַרייגגענומען אין שטוב, אים באַרואיקט. פון געבן אים דאָס קינד איז קיין רייד נישט געווען. ער האָט זיך אַ ווייגענ־דיקער געבעטן, מען זאָל אים דערלויבן צו קומען כאָטש אָנקוקן דאָס קינד. האָט מען אים דערלויבט.

די ערשטע צייטן איז די באַציאונג צו יאַנקלען געווען אַ קאַלטע. ביסלעכווייז איז דאָס אייז געבראָכן געוואָרן. יאַנקל איז צוריק געוואָרן אַן איינגייער ביי אָשרן אין שטוב. און טאָג־איין, טאָג־אויס, זעט מען יאַנקלען פירן דאָס וועגעלע מיטן קינד אויף דער פּלאָסע שפּאַצירן.

# אַ שלעכטע פּרווּ אין גוטע געשעפטן

ווען דער פּאָל׳ציי־אָפיציר האָט אים געמאָלדן, אַנרופנדיק אַרויסרו־פעריש זיין נאָמען אין ביינאַמען, „איר זענט פריי״, איז עס שוין געווען אין די פּאַרטאָג־שעהן. דעם מאָרגן־אויפגאַנג האָט מען שוין אָנגעהויבן אָנצוזען. עמיצער, אַ צעבראָכענער פון אַ גאַנצער נאַכט וואַך זיין, האָט אָנגעהויבן אַראָפּגיין פון די טרעפּ, צו דער הויפּט־טיר. דורכגייענדיק די ביוראָען, האָט ער אויפמערקזאַם באַטראַכט די פּאָליציי־אָנגעשטעלטע, ווי זיי זיצן ביי די שרייב־מאַשינען און נעמען אויף פּאַרהער די אַרעסטירטע ווי זיי גיבן אָפּ דעקלאַראַציעס וועגן זייערע אָפּגעטוענע פּאַרברעכנס. עס האָט ביי אים אויפגעטויכט אין געדאַנק, אַז אין אַזאַ לאַגע איז ער געווען מיט זעקס יאָר צוריק, ווען מען האָט אים פון קאָמיסאַריאַט אַהער גע־בראַכט. אַ מאָדנע געפיל האָט אים איצט באַהערשט, אַ פּאַרלאַנג דאָס אַלץ צו פּאַרגעסן און אָנהויבן אויפסניי אַ לעבן אַן אָרנטלעכס.

נאָך האַלבער נאַכט, ווען מען האָט אים פון דער צענטראַלער תּפיסה אין פּאַלערמאָ אַהער געבראַכט, אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, האָט אים אויפגענומען דער דיזשורנער פּאָליציי־אָפיציר. ער האָט פּאַר אים גע־האַלטן אַ לעקציע מער ווי אַ שעה צייט, אויפווייזנדיק אים, אַז אין פּאַל ער וועט באַגיין נאָכאַמאָל עפּעס אַ פּאַרברעכן, קאָן ער באַקומען אַ שטראָף פון 15 יאָר תּפיסה, אַז ער האָט אַלע מעגלעכקייטן צו פּאַרדינען אויף אַ ראַיעלן אופן זיין פּרנסה. אַז ער האָט אויפמערקזאַם דורכגעלייענט זיין „סומאַריאָ״, האָט ער געזען, אַז ער ווערט נישט באַטראַכט ווי אַ פּראָפּע־סיאָנעלער פּאַרברעכער. אַ מענטש מיט מיטעלער בילדונג דאַרף רעספּעק־טירן די געזעצן פון לאַנד און נישט פּאַרגעסן, אַז ער איז אַן אויסלענ־דער, און נאָך אַזעלכע ווערטער וואָס ער האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט דורך די זעקס יאָר, וואָס ער איז געווען פּאַרשפּאַרט.

אין תפיסה האָט אים דער רעזשים און דיסציפּלין אויסגעלערנט צו זיין געהאָרכזאַם, נישט ענטפערן און אוודאי נישט אַנטקעגן ריידן. ער האָט געוואָלט דאָס אַלץ וואָס שנעלער איבערקומען. און דאָ איילט מען זיך גאָרנישט. מען האָט אים שוין אומצייליקע מאָל פאָטאָגראַפירט אין אַלע פּאָזעס, צום וויפלטן מאָל אָראָפּגענומען די פינגער־צייכנס, צום וויפלטן מאָל געפרעגט מיט וואָס ער רעכנט זיך איצט צו באַשעפטיקן און ווו ער וועט איצט וווינען. אויף די לעצטע צוויי פראַגעס האָט ער נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן קלאָר, ווייל ער אַליין האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעצייכנט אַ באַשטימטן פּלאַן פון באַשעפטיקונג און ווו ער וועט וווינען — אוודאי נישט.

אַרויסקומענדיק אויף דער גאַס, האָט אים דערוואַרט אַן אַנגענעמע איבעררעשונג. זיין פרוי, פון וועלכער ער איז צעשיידט שוין אַ יאָר צען, איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען. זיי האָבן זיך העפלעך באַגריסט, אַפילו וואַרעם געדריקט די הענט, אָבער צעקושט האָבן זיי זיך נישט. ער האָט אַפילו יאָ געפּרוווט זי אַרומנעמען, אָבער זי האָט זיך לייכט אַרויסגעדרייט פון זיינע הענט. זיי זענען שטיל געגאַנגען, אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן עטלעכע קוואַדרעס.

דאָס שטילשווייגן האָט זי איבערגעריסן, זאָגנדיק אים:

— הערשל, וועסט צוגיין צו טייבעלען, ווו עס איז צוגעגרייט פאַר דיר אַ צימער מיט באַקוועמלעכקייטן. איידער איך פאָר אָפּ צוריק קיין מאָנטעווידעאָ, וועלן מיר זיך נישט זען.

ער האָט געוואָלט מיט איר אריינגיין אין אַ קאַפע, נאָר זי האָט זיך אָפּגעזאָגט, פאַרענטפערנדיק זיך, אַז זי שטייט שוין פון האַלבער נאַכט אָן און זי איז שרעקלעך מיד. ער האָט אָנגעהויבן אויסצודריקן זיין דאַנק פאַר אירע באַמיאונגען. זי האָט רעכט נישט געענטפערט און מיט אַ האַנט־דרוק האָבן זיי זיך געזעגנט.

**
*

ווילי, אַ מענטש פון עטלעכע און פערציק יאָר, פון אַ שיינעם פיזישן אויסזען, פון הויכן וווקס, אַ בלאָנדער, אַ קרעפּטיקער, מיט ענער־

גישע געזיכט־שטריכן אויפן פּנים, מיט אַ זיכערן טראָט אין האַלטונג צווישן מענטשן, מיט חשיבות, מיט אַ געשליפן ציגנגל, אַביסל אַ באַלייענ־טער, מיט אַ זעלטענעם חוש פאַר מסחר, האָט זיך די לעצטע יאָרן שיין אַרויפגעאַרבעט, פון אַן אַמבולאַנט געוואָרן קאָרעדאָר אין אַ פאַבריק פון טריקאָטאַזש־אַרטיקלען, קומענדיק אין קאָנטאַקט מיט פאַרשיידענע מענ־טשן, ביי וועלכע ער האָט זיך דערוואָרבן מיט דער צייט אַביסל צוטרוי אין דער קאָמערציעלער וועלט, האָט מען פון אים שטאַרק געהאַלטן. ער האָט געהאט אין זיך עפּעס אַזוינס, צוליב וואָס די מענטשן האָבן געזוכט זיין געזעלשאַפט. שטענדיק געווען אין גוטן מוט מיט הומאָר, קיינמאָל נישט מיט קיין פאַרזאָרגטן פּנים, שטענדיק גרייט צו צאָלן פאַר יענעם, קיינמאָל זיך נישט אָפּגעזאָגט פון געבן אַ נדבה און שטיצן די געזעל־שאַפט, לויט זיינע מעגלעכקייטן.

ווען ער איז געקומען אין אַרגענטינע, איז ער נאָך קיין פולע צוואַנ־ציק יאָר נישט אַלט געווען. געשטאַמט פון אַ גרויסער שטאָט אין פוילן, דערצויגן אין אַ טראַדיציאָנעלער שטוב, ביי פאַרמעגלעכע עלטערן, מאַנו־פאַקטור־סוחרים, דער פאָטער זיינער איז געווען אַ פּרנס און אַן אָנגע־זעענער תושב, געענדיקט אַ מיטלשול מיט אַן אויסצייכענונג.

דער פאָטער האָט אים אַריינגעצויגן אין זיינע מסחרים און ער, נאָך אַלס יינגל, האָט אַרויסגעוויזן זעלטענע פעאיקייטן.

זייענדיק אַ דערוואַקסענער בחור, האָט ער פון אַ לייכטן פלירט מיט אַ קריסטלעכן מיידל, זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַן ערנסטער געשיכטע. דער פאָטער זיינער, אָפּגעבנדיק זיך רעכענונג אין וואָס פאַר אַ בלאָטע זיין זון איז פאַרקראָכן, האָט אים אַליין צוגערעדט, געבנדיק אים אויף הוצאות און אַוועקגעשיקט קיין אַרגענטינע. מיט נישט קיין לייכטן האַרץ האָט ער געגעבן זיין הסכמה צום זונס אַוועקפאָרן, אָבער די אומשטענדן האָבן זיך אַזוי אויסגעוויקלט, אַז ער האָט געוואָלט בעסער האָבן זיין זון אין די מרחקים און הערן פון אים גוטע גרוסן, איידער אויפן אָרט האָבן פון אים בזיונות.

**
*

אין בוענאָס־איירעס האָט ער די ערשטע צייט, אָן אַ פאַך, אָן פאַ־

מיליע, אַ סך געליטן. פון דער היים אַן אויסגעצערטלטער בחור, ווו עס האָט אים גאָרנישט געפעלט, האָט ער אין דער רויערווירקלעכקייט זיך געמאַכט פּראַקטיש. ער האָט זיך גענומען צום גאַסן־האַנדל און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט פאַרשיידענע אַרטיקלען. ביסלעכווייז, שטופּענווייז, האָט ער זיך איינגעאָרדנט מיט אַ ביוראָ אין צענטער, אַ „קאַסאַ דע עקספּאָר־טאַסיאָן ע אימפּאָרטאַסיאָן" פון פאַרשיידענע אַרטיקלען און עס איז אים אַוועק גאָר גוט.

ער האָט חתונה געהאַט פאַר אַ פרוי פון מיטעלער שיינקייט, פון דער זעלביקער שטאָט פון פוילן און געפירט אַ נאָרמאַל פאַמיליע־לעבן. די פרוי האָט אים געבוירן אַ מיידעלע, צו וועלכער ער פלעגט זיך אָפּגעבן מיט לייב און לעבן. דאָס לעבן איז געפלאָסן נאָרמאַל. דאָס געשעפט האָט זיך פאַרגרעסערט.

אין די מלחמה־יאָרן פלעגט ער שיקן קיין אויסלאַנד פאַרשיידענע סחורות, אויסגעאַרבעטע אין אַרגענטינע. ער פלעגט קריגן באַשטעלונגען פון גאָר גרויסע פירמעס, וואָס האָט אים איבערגעלאָזט גרויסע רווחים. די אומשטענדן האָבן געפאָדערט צו פאַרגרעסערן דעם פּערסאָנאַל. האָט ער אַריינגעגעבן אַן אַנאָנס אין צייטונג און עס האָט זיך פּרעזענטירט אַ פרוי, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר אים, אַז זי האָט געאַרבעט אין אַ גאָר גרויסער פירמע, קען פירן ביכער און האָט די נויטיקע קוואַליפי־קאַציעס צו פירן אַזאַ געשעפט. דאָס איז געווען אַ פרוי פון הויכן וווקס, מיט אַ שיינער, גראַציעזער פיגור, אַ שוואַרצן קאָפּ האָר, פאַרקעמט אויף־אַרויף, מיט אַ געטאַקטער נאָז, פון אַליוון־קאָליר, אַזוי ווי די היזיקע, מיט מאַנדל־אויגן. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר שיינקייט, פון איר ריידן, אירע מאַנירן, מיט איין וואָרט, זי איז אים געפעלן געוואָרן פון ערשטן בליק. ער האָט רעכט נישט אַריינגעקוקט אין אירע רעקאָמענדאַציע־בריוו. ער האָט זיך מיט איר גאָרנישט געדונגען. ער האָט זי גלייך אָנגעשטעלט אַלס הויפּט פון ביוראָ. וואָס אַן אמת, איז זי געווען אַן אויסטויגערין, אַן אינטעליגענטע, אַ סימפּאַטישע.

מיטן אָנקומען פון דער פרוי אַרבעטן אין זיין געשעפט, איז געקו־

מען אַז איבערברוך אין זיין לעבן. פון יינגלווייז אָן האָט ער געהאַט אַ ליידנשאַפט צו פרויען. דאָ, האַבנדיק פאַר זיך אַזאַ שיינע פרוי, האָט ער איר אָנגעהויבן אַרויסווייזן אויפמערקזאַמקייט, צוערשט זייער פאָרזיכטיק. מ'האָט געמיינט, אַז ער האָט פאַר זיך אַ פיינע פרוי. אין אמתן איז דאָס אָבער געווען אַ פרוי אַ פאַרפירערישע, אַ ראַפינירטע, אַן אויסנוצערישע. זי פלעגט פאַרשפרייטן געצן אַרום מענער אויף רעכטס און לינקס און זי האָט איר ראָלע גוט געשפּילט.

זי האָט אין ווילין באַלד דערקענט אַ מאַן מיט אַ שוואַכקייט צו פרויען. האָט זי אַזוי זיך אָרגאַניזירט, אַז זי פלעגט בלייבן אַליין אין דער ביוראָ מיט אים ביז שפּעט ביינאַכט. און עס האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי צווישן די צוויי מענטשן האָט זיך אַנטוויקלט אַ פריינטשאַפט. ער האָט געזוכט אָן איר צו שטילן זיינע ליידנשאַפטן און זי — אים אויסצונוצן ביז גאָר. זי האָט אים אַריינגעפירט אין אַ נייער סביבה, אַנגערעגט צו אַזאַרד־שפּיל. ער האָט אָנגעהויבן צו שטעלן גרויסע סומעס אויף „קאַרעראָס״. זיי פלעגן פאָרן קיין מאַר דעל פּלאַטאַ אין דער קאַסינאָ, צוערשט באַזונדער, שפּעטער האָבן זיי זיך שוין אויפגעהערט צו שעמען און פלעגן פאָרן צוזאַמען.

די פרוי זיינע האָט זיך געגעבן רעכענונג פון דער דאָפּלטער שפּיל, וואָס איר מאַן פירט. נאָר אַזוי ווי זי איז געווען אַ בכבודיקע, אַ שטילע, האָט זי געוואָלט ווירקן אויף אים מיט גוטן, געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַזאַ לעבן פירט אים צום אָפּגרונט. אָבער ער איז געווען פאַרהיפּנאָטיזירט פון דער פרוי. די אַלע ווערטער האָבן נישט געהאַט אויף אים קיין שום ווירקונג.

אייגנזעענדיק, אַז זי קאָן גאָרנישט פועלן ביי איר מאַן, האָט זי אים פאַרלאָזט און אַוועקגעפאָרן קיין מאָנטעווידעאָ, צו ווייטע קרובים. אין בוענאָס־איירעס האָט זי נישט געוואָלט פאַרבלייבן, פאַר שאַנד, בזיון און מער ווי אַלץ האָט זי געליטן פון די מיטלייד־ווערטער, וואָס זי פלעגט הערן פון מענטשן אויף איר אַדרעס.

ווילים אויפפירונג האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אין זיינע געשעפטן. די ערשטע צייטן, ווען ער האָט גוט פאַרדינט, איז עס נאָך געווען צו

דערליידן. שפּעטער־צו האָט ער אָבער אָנגעהויבן וואָס מער צו שפּילן, מיינענדיק, אַז ער וועט געווינען און וועט זיך גוטשטעלן מיט זיינע בעלי־חובות. אָבער ער איז וואָס אַמאָל מער און מער אַריינגעקראָכן אין חובות. ער פלעגט פאַרקויפן סחורות אונטערן פּרייז, אַבי צו האָבן מיט וואָס צו פאָרן קיין מאַר דעל פּלאַטאַ אין קאַסינאָ. אַ קורצע צייט האָט אָנגע־האַלטן אָט דער גאַנג, ביז ער איז אָנגעקומען צו שווינדלערישע סוחרישע מאַנעווערן. ער האָט אַזוי געדרייט, ביז ער האָט זיך אַליין אַריינגעדרייט. ער פלעגט שוין דעקן זיינע חובות מיט פאַלשע וועקסלען. עטלעכע מאָל איז עס אָנגעגאַנגען, ביז ער איז איין מאָל געפאַלן אויף אַ סוחר, וואָס האָט אים דענונצירט פאַר דער פּאָליציי. דער קאָמיסאַר, וואָס האָט אים אַרויסגערופן, האָט אים געוואָרנט, אַז דער וועג איז אַ גליטשיקער, וואָס וועט אים פירן אין תהום אַריין. אַזוי איז געווען אַ צווייטן מאָל. דעמאָלט האָט אים שוין דער ריכטער גערופן און נישט געוואָלט האָבן מיט אים קיין איינזען, אים פאַרמשפּט אויף זעקס יאָר תפיסה.

דאָס געזעץ זאָגט, אַז פאַר גוטער אויפפירונג ווערט אַראָפּגערעכנט אַ דריטל פון דעם אורטייל. ער וואָלט געוויס מער ווי פיר יאָר נישט געזעסן. צו זיין אומגליק, האָרט פאַרן פאַרענדיקן די פיר יאָר, איז אָבער אין דער קאָמער, ווו ער איז געזעסן, אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן די אַרעסטירטע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ בלוט־פאַרגיסונג. און אַזוי ווי אַלע אַרעסטירטע אין דער קאָמער האָבן זיך סאָלידאַריזירט, נישט געוואָלט אויסגעבן דעם, וואָס האָט גורם געווען די בלוט־פאַרגיסונג, האָבן זיי, אַלע אָן אויסנאַם, געמוזט אָפּזיצן דעם פולן אורטייל.

די פרוי זיינע, וואָס איז פון אים אַוועק צוליב זיין שלעכטער אויפ־פירונג, קיין מאָנטעווידעאָ, געוויר ווערנדיק, וואָס עס איז מיט איר צע־שיידטן מאַן געשען, איז גלייך געקומען קיין ב. איירעס און זיך באַמיט אים צו ראַטעווען, אויסנוצנדיק פאַרשיידענע רעקאָמענדאַציעס. אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. דאָס איינציקע, וואָס זי האָט געקאָנט טאָן פאַר איר מאַן, איז געווען צו לינדערן זיין לאַגע מיט שיקן אים די נויטיקע זאַכן אין תפיסה.

## דאָס לעבן אַליין

דאָס אַלץ האָט זי איבערגעגעבן איר שוועסטער טייבעלע, אַז זי זאָל עס דערליידיקן.

דורך די זעקס יאָר פלעגט זי פון צייט צו צייט קומען אין בוענאָס־איירעס אים צו זען, כאָטש אָפיציעל זענען זיי געווען גע׳גט. עס איז איר נישט אַרויס פון קאָפּ איר הערשל. איז ער דאָך פאָרט דער פאָטער פון איר איינציקער טאָכטער!...

דערווייל איז פון זייערע געשעפטן גאָרנישט געוואָרן. די בעלי־חובות האָבן אַלץ רעמאַטירט. ער איז געבליבן אַ גרויסער אָרעמאַן. די פרוי, וואָס האָט גורם געווען, אַז ער זאָל קומען צו אַזאַ צושטאַנד, ווי נאָר זי האָט דערשפּירט, אַז ער קען איר מער גאָרנישט געבן, האָט זיך אויסגע־דרייט צו אים מיטן רוקן. דורך די גאַנצע זעקס יאָר, וואָס ער איז געווען פאַרשפּאַרט אין תפיסה, איז זי קיין איין מאָל נישט געווען ביי אים אויף באַזוך. ער האָט דורך דער צייט נישט איין מאָל זיך אָפּגעגעבן חשבון־הנפש פאַר זיינע אָפּגעטוענע טאָטן, געטראַכט און נאָכגעטראַכט.

דער איינציקער געדאַנק, וואָס האָט אים באַהערשט די לעצטע וואָכן פאַר זיין פאַרלאָזן די תפיסה, איז געווען: זיך איבערצובעטן מיט זיין פרוי און אָנהויבן אַ פאַמיליע־לעבן אויפסניי. אָבער צי וועט זי אים דאָס אַלץ מוחל זיין?

ער האָט זיך געפילט דער שולדיקער צו זיין פרוי און צו זייער טאָכטער. און גרויס איז געווען זיין איבערראַשונג און צופרידנקייט, ווען ער האָט זי דערזען אויף דער גאַס, אָפּוואַרטנדיק אים, ווען ער האָט פאַר־לאָזט דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. דער פאַקט, וואָס זי האָט פאַר אים געזאָרגט די גאַנצע צייט, ווען ער האָט זיך געפונען פאַרשפּאַרט, און איצט, ווען זי האָט אים פאַרזאָרגט מיט אַ דירה, האָט אים געמאַכט האַ־פּערדיק. ער האָט זיך קוים דערוואַרט.

אויף צומאָרגנס, ווען זיין פרוי איז געקומען, האָט ער פאַר איר געעפנט זיין האַרץ און מיט טרערן אין די אויגן זי געבעטן, זי זאָל אים מוחל זיין, ווייל ער אנערקענט זיין גרויסע זינד און אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט ער זיין אַ מוסטערהאַפטער מאַן און געטרייער פאָטער.

# דאָן אַנכעל

אין דער צייט, ווען איך האָב זיך אָפּגעגעבן מיט אַמבולאַנטעריי, האָט מיך שטענדיק געצויגן צום פּאַרט. צוליב פאַרשיידענע טעמים. און הויפּטזאַכלעך ווייל דאָרט איז געווען אַ מקור פון פּרנסה. דאָרטן האָט מען שטענדיק געלייזט געלט און גוט פאַרדינט. מען פלעגט זיך טרעפן מיט פאַרשיידענע מענטשן, נאָרוואָס געקומענע פון אַלע עקן וועלט. מאַטראָסן פון פאַרשיידענע לענדער. מיט אַ סך פון זיי האָב איך זיך פאַרשטענדיקט דורך אַ שפּראַך. מיט אַ סך דורך מימיק און זשעסטיקולאַציע. וועלכער ייד רעדט עס נישט אַ האַלבע טוץ שפּראַכן?

יעדעס מאָל, ווען איך פלעג קומען אין דער געגנט, פלעג איך ספּעציעל צוגיין אויף לאַנדראַ אַלעם אין די אַכט הונדערטער, ווו עס געפינט זיך אַ נאַכט־אַזיל פאַר אָרעמע. אין דער אַלטער היים פלעגן מיר עס רופן „הקדש", אָדער „פּשיטולעק". עס פלעגט מיר אויפטויכן אין געדאַנק דאָס בוך פון דעם אומשטערבלעכן מייסטער לעוו טאָלסטאָי „דער לעבעדיקער מת". כאָטש עס זענען שוין אָפּגעלאָפן אַ סך יאָרן זינט איך האָב דאָס בוך געלייענט, קען איך דעם העלד פון דעם ראָמאַן נישט פאַרגעסן. אַ צאַרטער מענטש, אַן איידעלער, אַ לערער, גיט זיך אָפּ רעכענונג, אַז די פרוי פאַרראַט אים. ער פאַרשטייט זייער גוט, אַז ווינען צוזאַמען מיט אַ מענטש איז איין זאַך און ליב האָבן זיך איז אַ צווייטע זאַך. ער וויל אָפּטרעטן זיין פּלאַץ. ער ווענדט זיך צום גלח אויף אַרויסצובאַקומען אַ גט. אַ זאַך, וואָס גיט זיך אים נישט איין. אַנטלויפט ער פון שטוב, ווערט אַ „בראָדיאַגאַ". בייטאָג עסט ער אין די אָרעמע קיכן און ביינאַכט שלאָפט ער אין די נאַכט־אַזילן. איז ווען איך פלעג קומען אין דער געגנט, פלעגט זיך מיר דאָרטן אויסווייזן, אַז אָט־אָט וועל איך זיך מיט „אים" באַגע־

געגען, זיך באַגריסן און אַריינלאָזן זיך מיט אים אין אַ שמועס, ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן.

אָבער דאָ דרייען זיך אַרום דעם נאַכט־אַזיל מענטשן גאַנץ אַנדערע ווי טאָלסטאָיס העלד. מענטשן פון אַלע ראַסן, נאַציעס און פעלקער. פאַרשיידענע טיפּן מענטשן מיט אַזעלכע טעמפּע פּנימער, אַז זעלטן ווען טרעפט מען זיך אָן מיט אַזאַ, מיט וועמען עס זאָל לאָקן צו פאַרפירן אַ שמועס. פאַרשלאָסן אין זיך, שווער אַרויסצוקריגן פון זיי אַ וואָרט. פול מיט אומצוטרוי צו יעדן, וואָס איז נישט קיין איינוווינער פונעם נאַכט־אַזיל. פון וואָס מאַכן זיי אַ לעבן? שווער צו וויסן. דאָס זענען ס׳רוב עלטערע מענטשן, שוין נישט פעאיק צו קיין אַרבעט. אָבער פאַראַן אויך אַ גרויסע צאָל יונגע מענטשן. זייער אָרעם אָנגעטאָן, שטענדיק מיט אַ פּעקל אין דער האַנט, וואָס איז, ווייזט אויס, זייער גאַנצע באַלעבאַטישקייט.

אין דער זעלביקער געגנט, אַ פיר־פינף קוואַדרעס פון דעם נאַכט־אַזיל, געפינט זיך אַ ליידיקער פּלאַץ, וווּ בייטאָג קאָנצענטרירן זיי זיך, שמועסן צווישן זיך, אַזוי שטיל, אַז קוים וואָס מען הערט אַ וואָרט. זעלטן זיי זאָלן זיך אויפרעגן. קוקנדיק אויף זיי, פלעג איך נישט איין מאָל טראַכטן, אַז די מענטשן זענען די אָרעמסטע, דערשלאָגנסטע. ווער ווייסט וויפל טראַגעדיעס די מענטשן האָבן דורכגעמאַכט אין זייער לעבן ביז זיי זענען געקומען צו דער מדרגה? וויפל דראַמעס און נאָוועלן וואָלט מען געקענט אָנשרייבן וועגן אָט די מענטשן? איך פלעג באַמערקן, ווי זיי פלעגן זיך אויסטוישן מיט עסנוואַרג, פּראָדוקטן פון בעטלען אפשר. אָבער דעם שטאַרקסטן איינדרוק פלעגט אויף מיר מאַכן דאָס טריקענען די וועש זייערע. זיי פלעגן אויף אַן אימפּראָוויזירטן אופן, אויף שטענגלעך, אויסהענגען און ביי אַ שוואַכן פייער טריקענען. זיי פלעגן וואַרטן אויף די וועש; ווייזט אויס, אַז קיין אַנדערע צו בייטן האָבן זיי נישט געהאַט...

איין מאָל האָב איך זיך אויף אָט דעם פּלאַץ צוגעקוקט צו אַ גרופּקע פּויליש־ריידנדיקע, געוואָלט זיך מאַכן קאָנטשאַפט מיט איינעם. זיך געוואָנדן אין דער פּוילישער שפּראַך און איינגעלאַדן עפּעס צו טרינקען. ער

האָט צוגעשטימט. ער האָט מיר געגעבן אַ ביסל אינפאָרמאַציע וועגן די באַדינגונגען אין דעם אַזיל. אָבער ווען איך בין אַריבער, נישט זייענדיק פאַרזיכטיק אים צו פרעגן, וואָס אים האָט אַהער געבראַכט, האָט ער מיך איבערגעלאָזט און נישט געענטפערט. איך האָב אָבער פונדעסטוועגן נישט אויפגעגעבן דעם געדאַנק דאָ צו טרעפן אַ יידן. לויט די סעמיטישע געזיכט־שטריכן איז שווער זיך צו אָריענטירן. עס זענען פאַראַן שפּאַניער, איטאַליענער, וואָס זעען אויס ווי יידן. דאָך, איין מאָל, דורך אַ צופאַל, איז מיר געלונגען זיך צו באַקענען מיט אַ יידן, אַן איינוווינער פון די נאַכט־אַזילן.

איך האָב אַמאָל באַמערקט, ווי איינער פון דער גרופּע קויפט ביי אַ צווייטן אַ רעקל. דער וואָס האָט געקויפט האָט מיט זיך גאָרנישט אונ־טערגעשיידט פון דער גרופּע. דאָס איינציקע, וואָס ער איז געגאַנגען אָנ־געטאָן אַ ביסל לייטישער פון די אַנדערע. אַז דאָס זאָל זיין אַ ייד, איז געווען זייער שווער זיך פאָרצושטעלן. דאָס איז געווען אַ מענטש פון אַ יאָר זעכציק, פון נידעריקן וווקס, ברייטפּלייציק, מיט אַ סלאַווישן פּנים, ענלעך צו אַ פּאָליאַק אָדער רוס. דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געהאַט איז געווען אַ פּאָר יידישע אויגן. ווייל נישט מיט זיין האַלטונג און נישט מיט זיין ריידן האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז ער איז אַ ייד. גע־רעדט האָט ער אַ פּערפעקטן שפּאַניש. אַ „וואַסקאָ"־היטל. אַ שוואַרץ טיכל אויפן האַלדז. הייבט, גיי, ווייס, אַז דאָס איז אַ ייד...

ער האָט אָנגעהויבן אויף מיר קוקן מיט אַזעלכע מאָדנע אויגן, אַז עס האָט זיך מיר געדאַכט זיי זענען פול מיט טרערן. אויף מיין אָנפראַ־גע צי ער האָט אינטערעס צו קויפן אַלטע זאַכן, האָט ער געענטפערט, אַז יאָ. האָב איך אים געהייסן קומען צו מיר אין שטוב. און אָט אַזוי אַרום האָב איך אים דערקענט. מיר פלעגן זיך שוין אָפטער טרעפן אין דער געגנט. ער האָט מיר נישט פאַרלייקנט, אַז ער איז אַ ייד, אָבער דאָס — נאָר פאַרבייגייענדיק. און עס האָט גענומען אַ צייט, ביז איך האָט געוווּנען זיין צוטרוי. ערשט דעמאָלט האָט ער מיר איבערגעגעבן זיין לעבנס־געשיכטע.

אין 1910 — האָט ער מיר דערציילט — איז ער געקומען אין בוע־

נאָס־איירעס. ער איז געקומען פון אַ דאָרף, נעבן פינסק. אַנטלאָפן פון מיליטער־דינסט, פון די אַנטיסעמיטן. אייגנטלעך האָט ער געוואָלט פאָרן קיין אַמעריקע. נאָר אַזוי ווי עס האָט אים אויסגעפעלט געלט אויף דער שיפסקאַרטע, איז ער מיט אַ פראַכט־שיף געקומען אין בוענאָס־איירעס. די ערשטע צייטן געאַרבעט אין אַ „פריגאָריפיקאָ", אין אַ שטעטל נעבן בוענאָס־איירעס. קיין פאַמיליע אָדער לאַנדסלייט האָט ער נישט געהאַט. ער האָט זיך באַקענט מיט אַ פרוי, אַ ביסל עלטער פון אים, מיט אַן אָפּ־געשפּאָרטן קליינעם קאַפּיטאַל. די פרוי האָט געהאַט אַ חוש פאַר מסחר — האָבן זיי באַשלאָסן איינצואָרדענען זיך טאַקע אין דעם זעלביקן שטעטל, נעבן „פריגאָריפיקאָ", מיט אַ קליין געשעפטל. דאָרט איז זיי די ערשטע צייטן גאַנץ גוט געגאַנגען. קיין גבירים זענען זיי נישט געוואָרן, אָבער פרנסה האָבן זיי געהאַט בריווח.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, אין 1914, איז אין אַרגענטינע אַנטשטאַנען אַ גרויסער קריזיס. פאַבריקן האָבן זיך פאַר־מאַכט. עס האָט דעמאָלט געהערשט אַ גרויסע אַרבעטלאָזיקייט. האָט דאָס געשעפטל וואָס אַ מאָל וויניקער געלייזט. עס האָט אָנגעהויבן צו גיין שלעכט, וואָס אַ מאָל ערגער. די בעלי־חובות האָבן זיי נישט צורו גע־לאָזט. קיין פּרייוואַט האָבן זיי זיך דורך דער צייט נישט דערוואָרבן. עס איז נישט געווען זיך צו ווענדן צו ווענדן, נישט נאָך קיין ראַט און אוודאי נישט נאָך מאַטעריעלער הילף.

אין אַ נאַכט האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה אין דעם געשעפטל און אַלץ האָט אָפּגעברענט. זיי זענען אַרויס ממש נאַקעט. דער ווינט, וואָס האָט יענע נאַכט געבושעוועט, האָט דאָס פייער אויסגעשפּרייט אויף אַ שכנותדיקער הילצערנער געביידע, וווּ ס'זענען געשלאָפן עלטערע מענטשן. אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער האָבן נישט געקענט זיך אַרויסראַטעווען. דאָס פייער האָט בלאָקירט און אַרומגעכאַפּט דאָס הויז פון אַלע זייטן. אַלץ האָט געוויזן, אַז ער האָט גורם געווען דאָס אומגליק. דער פאַקט, וואָס פון זיינע הענט האָט זיך געשפּירט דער ריח פון נאַפט, וואָס די פּאָליציי האָט פעסטגעשטעלט אויפן אָרט, און דאָס, וואָס ער האָט מיט אַ פּאָר טעג צוריק פאַרקויפט סחורה אונטערן פּרייז, האָט בולט באַוויזן זיין

שולד אין דעם אומגליק. האָט דער ריכטער מיט אים נישט געוואָלט האָבן קיין שום איינזען. דער אַדוואָקאַט, וואָס מען האָט באַשטימט אים צו פאַרטיידיקן, האָט עס געטאָן אויף זייער אַ שוואַכן אופן. אויף אויסזוכן אַ בעסערן פאַרטיידיקער האָט אים אויסגעפעלט געלט. איז ער פאַרמשפּט געוואָרן צו אַכצן יאָר תּפיסה.

די ערשטע צייטן האָט אים די פרוי וויזיטירט. געהאָלפן לינדערן אים זיין לאַגע. נאָר דאָס לעבן האָט זיך זייער געזעצן. די פרוי האָט אויפגעהערט קומען, געגעבן אים צוּוויסן בריוולעך, אַז זי קאָן איר יונג לעבן אַזוי נישט אָוועקפּטרן. אַז זי מוז זאָרגן פאַר איר עקזיסטענץ. זאָל ער איר מוחל זיין פאַר איר אומברחמנותדיקער האַנדלונג לגבי אים.

קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. קיין גאָר גרויסע ליבע איז צווישן זיי אויך נישט געווען. דאָס חתונה האָבן איז געווען מער צוליב קאָנוועניענץ ווי אויס ליבע. האָט ער שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז עס מוז אַזוי זיין.

פאַר זיין גוטער אויפפירונג אין תּפיסה האָט מען אים אַראָפּגערעכנט זעקס יאָר. אָבער ער איז פאַרשיקט געוואָרן אין אַ ווייטער צפון־פּראָווינץ־שטאָט, אַז זי זאָל ווערן לעבנסלענגלעך זיין וווינאָרט.

פופצן יאָר איז ער אָפּגעווען אין דער שטאָט, וווּ ער האָט געאַרבעט ביי פאַרשיידענע באַשעפטיקונגען, כדי צו דערנערן זיך. ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ קליינעם קאַפּיטאַל. געלעבט מיט דער האָפענונג זיך צו טרעפן נאָכאַמאָל מיט דער זעלביקער פרוי, וואָס האָט אים פאַרלאָזט. אויף זיינע פּילמאָליקע ביטעס צו דער פּאָליציי איז אים דערלויבט געוואָרן צוריקצוקומען אין בוענאָס־איירעס. און דאָ נישט ער האָט דעם אַזיל אויסגעקליבן אַלס וווינאָרט, נאָר דאָס איז אים אָנגעוויזן געוואָרן פון דער פּאָליציי, וווּ ער געפינט זיך אונטער איר אויפזיכט. זיבן אַזייגער אינדערפרי מוזן אַלע איינוווינער פאַרלאָזן דעם אַזיל און 20 אין אָוונט מוזן זיי זיך צושטעלן. שוין 4 יאָר, ווי ער געפינט זיך אין דעם אַזיל. בייטאָג וואַנדערט ער אַרום איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן. לעבט פון דעם, וואָס ער קויפט אויף ביי זיינע מיטוווינער אַלטע זאַכן, וואָס זיי בעטלען אויס ביי פאַרשיידענע מענטשן.

איך האָב פאַר זיך געזען אַ מענטשן אַ צעבראָכענעם, אַן איינזאַמען, אַן אַ קרוב און אָן אַ גואל. קיינעם קען ער נישט און קיינער קען אים נישט. ער וויל זיך בכלל מיט קיינעם נישט באַקענען.

איך האָב ביי אים דערוועקט אַ ביסל צוטרוי. האָט ער מיר געזאָגט: דער ציל אין זיין לעבן איז זיך צו טרעפן מיט זיין געוועזענער פרוי. אָבער נאָך יאָרן איז ער געוווּיר געוואָרן, אַז זי איז מיט אַ צייט צוריק געגאַנגען איר לעצטן וועג. אויסהערנדיק אים, האָב איך זיך געטראַכט: וואָס עס מיינט דער שיקזאַל פונעם מענטש! האָט דער מענטש זיך פאַר־געשטעלט, ביים פאָרן אין דער ווייטער וועלט אַריין, אַז דער גורל האָט פאַר אים אָנגעצייכנט אַזאַ טראַגעדיע?

# אַ נישט פאַרווירקלעכטער חלום

צו דער לויה פון נתן אַלטמאַרק זענען געקומען אַ סך מענטשן פון פאַרשיידענע שיכטן. אַחוץ דער פאַמיליע זענען אַנוועזנדיק געווען אַ גרויסע צאָל פאַרטיי־חברים, שרייבער און פען־מענטשן. סוחרים, מיט וועלכע ער איז געשטאַנען אין קאָמערציעלע פאַרבינדונגען זינט אַ סך יאָרן; פערזענלעכע פריינט און באקאנטע.

נתן אַלטמאַרק איז געשטאָרבן פלוצלינג פון אַ האַרץ־אַטאַקע אין קאָנסולטאַריע פונעם דאָקטאָר ווו ער האָט זיך געהיילט זינט אַ צייט. דער דאָקטער, שרייבנדיק דעם טויט־שיין, האָט דערקלערט דער פאַמיליע, אַז ער איז געשטאָרבן פון אַ שטאַרקער עמאָציאָנעלער איבערלעבעניש. כאָטש ער איז געווען ערנסט קראַנק איז אים לעצטנס גראָד געגאַנגען צום בעסערן.

ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 45 יאָר. אַ בחור, האָט ער זיך אין די לעצטע יאָרן גוט אַרויפגעאַרבעט. קיין דאגות פרנסה האָט ער נישט געהאט. קיין פאַמיליע־פליכטן אויך נישט. ער האָט געפירט אַ באַקוועם רואיק לעבן. אָבער די קראַנקייט האָט אים נישט אָפּגעלאָזט. ער פלעגט פון צייט צו צייט אַוועקפאָרן אָפּרוען זיך, פון דאָרט צוריקקומען אַ גערקרעפטיקטער. מיט פרישע קרעפטן גענומען זיך צום מסחר, ווו עס האָט אים שטאַרק אָפּגעגליקט.

אין דעם אבל־הויז ווו דער בר־מינן איז געלעגן ביי דער פאַמיליע זיינער, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי ברידער, וואָס האָבן שטיל אין זיך געשטיקט די טרערן, האָט געוואָרפן די אויפמערקזאַמקייט אַ פרוי פון מיטעלער שיינקייט, וואָס האָט ספּאַזמאַטיש געוויינט אויפן הויכן קול. פאַר דער פאַמיליע ווי פאַר אַ גרויסער צאָל אַנוועזנדיקע איז די פרוי געווען

גוט באַקאַנט. די אָנוועזנדיקע האָבן קאָמענטירט דעם טראַגישן פאַל וואָס דאָס לעבן גרייט צו פאַר מענטשן.

געווען איז עס אין די נאָכמיטיק־שעהן, ווען די לויה האָט גערירט פון אָרט. אַ גרויסע קאַראַוואַנע פון קאַטשן האָבן באַגלייט דעם טויטן אויפן בית־עולם. ביים אָפּענעם קבר האָבן גערעדט זיינע פּאַרטיי־חברים, אונטערשטרייכנדיק די מעלות וואָס דער פאַרשטאָרבענער האָט געהאַט ביים לעבן. ווי געטריי ער איז געווען צו זיין אידעאַל, ווי איבערגעגעבן צו זיינע חברים. עס האָט אויך געוואָלט רעדן די פרוי, וואָס פאַר אַ סך אָנוועזנדיקע איז זי געווען אומבאַקאַנט. נאָר אַ פּאָר אָפּגעריסענע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער האָט זי אַרויסגעלאָזט פון איר מויל. די מענטשן וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו איר האָבן אויפגעכאַפּט: נישט באַשערט געווען אונדזער גליק זיך צו פאַראייביקן אויף דער וועלט, וועלן מיר זיך... דאָ איז די פרוי צוזאַמענגעבראָכן און אַ פאַרחלשטע האָט מען זי צוגענומען פון קבר. די אָנוועזנדיקע האָבן זיך געגעבן רעכענונג. האָבן קאָמענטירט אויפן הויכן קול. אַזאַ טראַגעדיע, נישט באַשערט געווען דעם פאַרשטאָרבענעם עס זאָל זיך פאַרווירקלעכן זיין אויסגעבענקטער חלום.

***

נתן אַלטמאַרק איז געבוירן געוואָרן ביי זייער אָנגעזעענע און פאַרמעגלעכע עלטערן אין אַ קליין שטעטל אין לובלינער געגנט. האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציונג. זיין פאָטער איז געווען אַ רעליגיעזער מענטש, ער האָט נישט געקאַרגט קיין געלט אויף צו געבן זיינע קינדער אַ גוטע בילדונג. געשיקט זיי צו די בעסטע מלמדים און שפּעטער, ווען זיי זענען עלטער געוואָרן, געשיקט זיי אין ישיבות. דער עלטסטער פון זיי האָט אַפילו באַקומען היתר הוראה. די שטוב זייערע איז געווען דער צענטער פון די בעסערע מענטשן פון שטעטל. די דיסקוסיעס, וואָס פלעגן געפירט ווערן ביי זיי אין שטוב, האָבן געלייגט אַ געוויסן חותם אויף זייער ווייטערדיקן לעבנס־גאַנג. זיין פאָטער איז געווען דער איינציקער אין שטעטל וואָס פלעגט אַבאָנירן אין יענע צייטן די „הצפירה“. די מוטער זיינע, זייער אַ גאַסטפריינטלעכע פרוי, פלעגט יעדן איינעם אויפ

נעמען בסבר פנים יפות. די טראַדיציע איז געפירט געוואָרן ווייטער ווען דער פאָטער איז געשטאָרבן.

די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, אָבער נייע אידייען האָבן דעמאָלט פאַרכאַפּט די יידישע גאַס. די פיר ברידער אַלטמאַרק האָבן געהערט צו פאַרשיידענע ריכטונגען: „אגודה", רעכטע און לינקע פּועלי־ציון. נתן, דער יינגסטער פון זיי, האָט געהערט צום „בונד". די דיסקוסיעס וואָס די ברי־דער פלעגן איינאַרדענען, ווו איינער דעם צווייטן האָט באַקעמפט אידיי־איש, איז געווען די אַטראַקציע פון שטעטל.

די ברידער אַלטמאַרק זענען געווען די אָנפירער און טאָן־געבער. צו זייער וואָרט האָט מען זיך צוגעהערט. געירשנט פון פאָטער אַ גרויס מאַ־נופאַקטור־געשעפט, ווו קיין דאגות פרנסה איז נישט געווען, האָבן זיי אָוועקגעגעבן אַ סך צייט פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. עס איז ביי זיי געווען איינגעפירט, אַז יעדן וואָך פלעגט פאָרן איינער פון די ברידער קיין וואַרשע דערליידיקן קאָמערציעלע ענינים. ביים צוריקקומען פלעגן זיי מיט־ברענגען ביכער, צייטונגען, פאַרשיידענע זשורנאַלן, וואָס פלעגן אין יענע צייטן דערשיינען לרוב. זיי זענען געווען די ערשטע אין שטעטל, וואָס האָבן אָרגאַניזירט אַ גראָשן־ביבליאָטעק. פאַר די גראָשנס פלעגט מען ווייטער קויפן ליטעראַטור־אויסגאַבעס. זיי פלעגן אַראָפּברענגען לעקטאָרן, אָרגאַניזירן דראַמקרייזן. עס האָט זיך געשאַפן פּאַרטיי־קרייזלעך פון פאַר־שיידענע גרופּירונגען. די עלטערע באַלעבאַטים פון שטעטל פלעגן מיט באַדויער זיך צוקוקן צו דעם אַלעם. מען פלעגט אָרגאַניזירן און „שטערן" פאַרזאַמלונגען, אָבער זעלטן ווען עס פלעגט זיך זיי איינגעבן. די יוגנט איז שוין געווען פעסט אָרגאַניזירט. אויף נישט צו רייצן די רעליגיעזע געפילן פון די עלטערן פלעגט מען שבת רעספּעקטירן מיט נישט איינאָר־דענען וועלכע עס איז פאַרזאַמלונג. און גאָר בייטיקע פאַלן פלעגט זיך די יוגנט טרעפן אויסער דער שטאָט, אין וואַלד.

די עלטערע צוויי ברידער האָבן חתונה געהאַט. די מויער איז געווען אָן אייגענע, מען האָט זי נאָך אויסגעברייטערט, צוגעמויערט אַ שטאָק. די גאַנצע פאַמיליע האָט געוווינט צוזאַמען. אגב איז דאָס געווען די שענס־טע מויער אין שטעטל.

כאַטש אידעיש זענען די ברידער געווען פאַרשיידן, אָבער פאַמיליאַר זענען זיי געווען פאַראייניקט. איינער דעם צווייטן האָט ליב געהאַט בלב־ונפש. נתן איז געווען דער מוזיניק ביי זיי, שטענדיק אַ פאַרחלומטער, זעלטן ווען זיך געשיידט מיט זיינע ביכער. אַזוי ווי מען פלעגט נאָר פאַר־מאַכן דאָס געשעפט פלעגט ער גלייך צוגיין אין דעם „מעדעם־ווינקל". מיט קיין גרויסן אָראַטאָרישן כוח האָט ער זיך נישט אויסגעצייכנט, אָבער צו פראַקטישער סעקרעטאַריע־אַרבעט האָט ער זיך צוגעפּאַסט. די ערשטע צייטן האָבן זיינע אידעישע חברים געקוקט אויף אים מיט אומצוטרוי, נישט קענענדיק באַגרייפן וואָס ער, שטאַמענדיק פון איינער פון די רייכס־טע פאַמיליעס פון שטעטל, גיט זיך אָפּ מיט אַזוי פיל אייפער פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער מיט דער צייט, איינזעענדיק אַז ער מיינט עס אויפריכטיק און ערנסט, איז די באַציונג צו אים געוואָרן אַ בעסערע.

אַ גליקלעכער טאָג איז פאַר נתנען געווען, ווען ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי. דאָס האָט אים געמאַכט מער אָנזעעוודיק אין די אויגן פון זיין חברטע פייגעלע, מיט וועמען ער האָט געפירט אַ געהיימע און שטילע ליבע. פייגעלע האָט געשטאַמט פון די אָרעמסטע שיכטן פון שטעטל. איר פאָטער איז געווען אַ שוסטער־לאַטוט־ניק און דערצו זייער אַ פאַרגרעבטער מענטש, אַ גרויסער עם־הארץ. עס וואָלט געווען אַ טראַגעדיע פאַר דער פאַמיליע אַלטמאַרק ווען זיי דער־וויסן זיך, אַז זייערס אַ ברודער גייט מיט אַ מיידל פון אַזאַ נידעריקן יחוס־שטאַנד. זיי זענען געווען וועלטלעכע און באַוווסטזיניקע מענטשן, אָבער ווען עס איז געקומען צו משדך זיין האָבן זיי געזוכט יחוסדיקע פאַמיליעס.

פייגעלע האָט געפאַנגען נתנס האַרץ. זיי פלעגן זיך טרעפן אויסער דער שטאָט, פלעגן שפּאַצירן ביז דער שפּעטער נאַכט־שעה, דיסקוטירן, לייענען צוזאַמען, ביז זיי האָבן זיך אויף אַן אמת פאַרליבט. פייגעלע איז געווען אַ זעלטן שיין מיידל, הויך געוויקסיק, אַ שיין פנימל. פאַרקערנדיק אין די אַרבעטער־קרייזן האָט זי מיט אַ זעלטענעם חוש אויפגענומען די אַלע דיסקוסיעס, צו וועלכע זי פלעגט זיך אויפמערקזאַם צוהערן. אַ ביסל אַ באַלעזענע האָט זי געמאַכט אַ זייער גוטן איינדרוק אויף יעדן איינעם

מיט וועמ'ען זי איז געקומען אין קאָנטאַקט. אין שטוב פון אירע עלטערן, ווען זיי זענען געוויר געוואָרן וועגן איר אַרומגיין מיט נתנען, האָבן זיי איר געוואָרנט, אַז עס וועט פון דעם גאָרנישט אַרויסקומען. „די אַלט־מאַרקס וועלן קיינמאָל נישט דערלאָזן צו דעם שידוך". ווען פייגעלע האָט פאַר אים אויסגעדריקט איר צווייפל, אַז ער וועט מיט איר נישט חתונה האָבן, האָט ער איר פייערלעך דערקלערט, אַז ביי אים שפּילן יחוס און געלט נישט די הויפּטראָל. די ברידער וועלן אויף אים אין דעם היניזיכט קיין איינפלוס נישט אויסאיבן, ער מיינט ערנסט זיך צו פאַרבינדן מיט איר אויפן גאַנצן לעבן. מעגלעך אַז ער וואָלט געהאַלטן וואָרט, אָבער די געשיכטע האָט זיך גאַנץ אַנדערש אויסגעוויקלט:

אין יאָר 1920, ווען די רויטע אַרמיי האָט מלחמה געהאַלטן מיט פּוילן און אין איר מיליטערישן אַוואַנס אויף דער הויפּטשטאָט וואַרשע, האָט זי פאַרנומען דאָס קליינע שטעטל, האָט זי איינגעאָרדנט איר הויפּט־שטאַב אין דער מויער פון דער פאַמיליע אַלטמאַרק, וואָס איז געווען די באַקוועמסטע און שענסטע. דריי חדשים צייט האָט די רויטע אַרמיי גע־באַלעבאַטעוועט אין שטעטל. כאָטש די אַלטמאַרקס האָבן זיך אין קיין פּאָליטיק נישט געמישט, נישט מיטגעאַרבעט מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט, האָבן די פּוילישע שכנים שלעכט געקוקט און אַנדערש אויסגעטייטשט ד'עם פאַקט. ווען די רויטע אַרמיי איז פאַרטריבן געוואָרן און די פּאָלאַקן זענען אַריין, האָבן זיי אַרעסטירט דריי ברידער אַלטמאַרק. דאָס ביטערע מזל און שלעכטער גורל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער פאַמיליע.

עטלעכע יאָר האָט זיך געצויגן דער פּראָצעס, וואָס אין זיינער צייט האָט עס אויפגערודערט גאַנץ פּוילן. ווען די ברידער זענען באַפרייט גע־וואָרן, נאָכן אָפּפינצטערן אין פאַרשיידענע תפיסות, זענען זיי אַרויס פון דאָרט צעבראָכענע מענטשן, גאָרנישט צו דערקענען. פון דעם פאַרמעגן וואָס זיי האָבן געהאַט איז גאָרנישט געבליבן, אַ תל געוואָרן פון דעם אַלעם. מען האָט געדאַרפט אַנהייבן פון ס'ניי זיך איינאָרדענען. זיי האָבן געפּרוווט, אָבער די פּוילישע מאַכט האָט געהאַט אַן אויג אויף זיי, גע־מאַכט זיי אומדערטרעגלעך דאָס לעבן. זיי האָבן באַשלאָסן צו עמיגרירן אין די מרחקים.

נתן, געפינענדיק זיך אין דער תפיסה, האָט זיך די ערשטע צייטן ווי עס איז פאַרשטענדיקט מיט פייגעלען דורך געהיימער קאָרעספּאָנדענץ, און פון צייט צו צייט דורך אַ זונג. די ערשטע צייטן איז דער באַשלוס געווען ביי איר אָפּצוּוואַרטן ביז נתן וועט באַפרייט ווערן, אָבער אויסגע־וויקלט האָט זיך די געשיכטע גאַנץ אַנדערש.

פייגעלע האָט געהאַט אַ ברודער אין ארץ־ישראל. אין זיינע בריוו צו איר האָט ער איר אויפגעקלערט, אַז דאָס צוועקמעסיקסטע וואָס זי דאַרף טאָן איז קומען צו אים. מעגלעך, ווען נתן וועט באַפרייט ווערן, וועט ער זען אים אויך אַריבערצונעמען. נאָך פיל נאָכטראַכטן האָט זי באַשלאָסן צו פאָרן צו איר ברודער. דאָס פּראַקטישע האָט גענומען די אויבערהאַנט אין דעם פאַל. זי האָט זיך געזעגנט מיט נתנען צוזאָגנדיק אים זיך צו פאַר־אינטערעסירן און טאָן אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגלעך, ווי נאָר ער וועט באַפרייט ווערן פון תפיסה. עס האָט נתנען ווייִ געטאָן און פיינלעך איז געווען דאָס געזעגענען זיך מיט פייגעלען. אָבער ער האָט געמוזט שלום מאַכן מיטן געדאַנק. ער האָט זיך נאָר געטרייסט מיט דעם צוזאָג פון פייגעלען אַז זי וועט וואַרטן אויף אים.

אומשטענדן נישט אָפּהענגיק פון קיינעם האָבן צונישט געמאַכט די פּלענער פון די צוויי יונגע מענטשן.

מיט די לעצטע געלט־מיטלען האָבן די ברידער אַלטמאַרק פאַרלאָזט פוילן. געפאָרן זענען זיי קיין אַרגענטינע נישט ווייל זיי האָבן אויסגע־ווילט דאָס לאַנד אַלס זייער וווינאָרט, נאָר מיט דער אויסזיכט צו פאָרן קיין אַמעריקע, וואָס דירעקט אין יענער צייט, צוליב דער קוואָטע, איז נישט געווען מעגלעך צו פאָרן. נתן האָט בריוולעך געמאַלדן פייגעלען וועגן זייערע פּלענער. די ערשטע צייט פלעגן די בריוו קומען פּינקטלעך און די אויסדרוקן זענען געווען פון חתן־כלה, כאָטש אָפיציעל זענען זיי דאָס נישט געווען. שפּעטער, מיט דער צייט, זענען די בריוו געקומען זעלטענער און די אויסדרוקן זענען געווען העפלעכע, אָבער קאַלטע. ביז אין אַ טאָג האָט נתן באַקומען אַ בריוו פון פייגעלעס ברודער, אין וועלכן ער האָט אים צוּוויסן געטאָן, אַז פייגעלע האָט חתונה געהאַט, ער זאָל איר מוחל זיין דעם טאָט. די צייט שטייט נישט אויף קיין אָרט, ער זאָל

עס אויפנעמען מיט לאָגיק און פאַרשטאַנד. זי קען אירע יונגע יאָרן אַזוי נישט אָוועקפטרן מיט וואַרטן אויף אים אַן אומבאַגרענעצטע צייט, האָפנט־לעך וועט ער זיך אָפזוכן אַ צווייט מיידל און די צייט וועט דאָס איבע־ריקע טאָן. נתן, איבערלייענענדיק דעם בריוו, האָט זיך צעוויינט. ער האָט אמתדיק ליב געהאַט פייגעלען. דאָס איז געווען פאַר אים אַ ביטערע אַנ־טוישונג, וואָס ער האָט עס אַ לאַנגע צייט נישט געקענט פאַרגעסן.

די ברידער אַלטמאַרק זענען געקומען קיין אַרגענטינע אין יאָר 1928, האָבן זיך באַזעצט אין בוענאָס־איירעס אָן געלט־מיטלען און אָן אַ באַ־שטימט פאַך. פון דער אַלטער היים זענען זיי געווען סוחרים. די ערשטע צייטן האָבן זיי זיך גוט געמוטשעט, זיך נישט געקענט דערשלאָגן צו אַ סטאַבילער פרנסה. אָבער די לאַנדסלייט פון זעלבן שטעטל האָבן געהאַט אַ סך איינזען מיט זיי, אַלס רעספּעקט צו זייער פאַרגאַנגענהייט. נעמענ־דיק אין אַכט וואָס די מענטשן האָבן דורכגעמאַכט די לעצטע צייטן, זייענ־דיק קרבנות פון אַ בלבול, האָבן זיי אַרויסגעוויזן צו זיי אַ זעלטענעם סענ־טימענט. עס זענען געשאַפן געוואָרן די נייטיקע מיטלען. מען האָט די עלטערע צוויי ברידער איינגעאָרדנט אַ טריקאָטאַזש־פאַבריקל מיט אַ דריטן שותף, אַ פאַכמאַן. אין אַ קורצער צייט האָבן זיי זיך אַרויפגעאַרבעט, דאַקעגן נתן, האָט זיך גענומען צום האַנדל. ער איז געוואָרן אַ קאָרעדאָר ביי אַ קוענטעניק. מיט אַ צייט שפּעטער האָט ער זיך גענומען צו אַנדערע מסחרים, עס איז אים אַוועק גאָר גוט.

די ברידער אַלטמאַרק האָבן אָנגעהויבן אַקטואירן אין דער געזעל־שאַפט. צוערשט אין זייער לאַנדסלייט־פאַראיין, שפּעטער אין אַלגעמיי־נעם לעבן פון דער געזעלשאַפט. מענטשן מיט אַ סטאַזש נאָך פון דער אַלטער היים, באַוווסטזיניקע פאַרטיי־אָנגעהעריקע, האָבן זיי פאַרנומען די אָנפירנדיקע ראָל אין פאַרשיידענע הילפס־אינסטיטוציעס. נתן האָט אין פייגעלען נישט געקענט פאַרגעסן. דורך אומוועגן האָט ער זיך דערוווסט, אַז זי פאַרנעמט אַן אָנפירנדיקן אַמט אין אַ הילפס־אָרגאַניזאַציע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, זי איז געוואָרן אַ מאַמע פון צוויי קינדער. אַז ער פלעגט זיך דערמאָנען זיינע קינדער־יאָרן אין דעם קליינעם שטעטל, איז אַלץ געווען פאַרבונדן מיט פייגעלען. די יאָרן זענען געלאָפן. נתן האָט

זיך נישט געקענט צופּאַסן קײן פרוי. װיפל זײַנע ברידער האָבן זיך באַ־מיט פּאָר אים צו טאָן אויף דעם געביט, האָט עס קײן רעזולטאַט נישט געגעבן. ער האָט געהאַט בײַ זיך אָפּגעמאַכט אין געדאַנק נישט חתונה צו האָבן, צו פאַרבלײַבן אַ בחור. לאַנדסלײַט, חברים, װיסנדיק אַז זײַן מאַ־טעריעלע לאַגע איז אַ גוטע, פּלעגן אים פון צײַט צו צײַט פאָרשטעלן אַ מײדל, זיך פאַראינטערעסירן, אַז ער זאָל ענדערן זײַן אַרט לעבן, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. ער האָט זײַן באַשלוס נישט געװאָלט ענ־דערן.

מיט אַ צײַט צוריק, צו זײַן גרויס איבערראַשונג, האָט זיך נתן פון די צײַטונגען דערװוּסט, אַז פײגעלע קומט אין אַ קולטור־שליחות, גע־שיקט פון דער ישראל־רעגירונג, קײן אַרגענטינע. כאָטש דער נאָמען איז געװען אַ געענדערטער, איז דערבײַ געװען צוגעגעבן איר אַקטואַציע אין דער אַלטער הײם; װי קומענדיק אין ישראל, האָט זי זיך אַרײַנגעװאָרפן מיט לײַב און לעבן פאַר איר בײַעם אידעאַל; אירע גרויסע אויפטואונגען אַלס לערערין און אַז אויפן פּעדאַגאָגישן געביט האָט זי ממש אויפגעטאָן װוּנדער. פון דעם מאָמענט אָן האָט אים באַהערשט אַ מאָדנער געפיל, ער האָט זיך געגרײט זי צו באַגריסן, אָפּװאַרטן בײַם אַעראָדראָם, כאָטש װיסנ־דיק גאַנץ גוט, אַז זי איז אַ פאַרהײראַטע פרוי. עס האָבן אין אים אויפ־געטויכט אַלע יוגנטלעכע געפילן, כאָטש עס איז שוין פון דעם אָפּגעלאָפן אַזוי פיל יאָרן. ער האָט זיך קוים דערװאַרט דעם טאָג פון איר קומען. די באַגעגעניש איז געװען זײער אַ האַרציקע. ער איז נישט אַלײן אויפן אַעראָדראָם. אַ חוץ די אָפיציעלע באַאַמטע פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע האָבן איר אָפּגעװאַרט כמעט אַלע לאַנדסלײַט פון דעם שטעטל. מיט נתנען האָט זי זיך אָפּגעגעבן מער װי מיט די אַנדערע מענטשן װאָס האָבן זי אָפּגעװאַרט. נאָך די אָפיציעלע באַגריסונגען איז זי גלײַך אָפּגעפאָרן אין האָטעל אַרײַן.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט נתן זיך באַמיט אַז פײגעלע זאָל אים אויפ־נעמען. װי גרויס איז געװען זײַן איבערראַשונג, װען ער האָט זיך דער־װוּסט, פון איר זעלבסט, אַז זי איז אַן אלמנה, אַז איר מאַן איז געפאַלן אין קאַמף פאַרטײדיקנדיק די מדינה, אַז די צװײ קינדער, װאָס זענען

שוין היפש דערוואַקסענע, געפינען זיך אין אַ קיבוץ, אַז איר אויפהאַלטן זיך אין אַרגענטינע איז באַשטימט אויף דריי וואָכן, אַז זי מאַכט אַ טור איבער די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער אין אַ קולטור־מיסיע.

אַלע פאַרבאָרגענע געפילן, אָנגעזאַמלטע פון אַזוי פיל יאָרן, האָבן געשפּאַרט פון זיינע גלידער. כאָטש ער איז געווען פון דער נאַטור אַ קליינער רעדנער, האָט ער אין דעם מאָמענט גערעדט מער ווי זיין גע־וווינהייט. פול מיט עמאָציע און עקסטאַז האָט ער פייגעלען איבערגעגעבן זיינע געפילן, אַז ער איז איר מוחל פאַר דעם בזיון און עגמת־נפש וואָס זי האָט אים פאַרשאַפט אין זיינער צייט, ווען זי האָט נישט געהאַלטן איר צוזאָג און חתונה געהאַט פאַר אַ צווייטן מאַן. ער פאַרשטייט אַלצדינג, עס זענען פאַראַן מאָמענטן אין אַ מענטשנס לעבן, ווען די פּראַקטישקייט פאַרנעמט דעם אויבנאָן און אויפריכטיקע געפילן מוזן דערשטיקט ווערן אינערלעך, אַז ער באַטראַכט דעם פאַקט וואָס ער איז געבליבן אַ בחור, פאַר אַ העכערער נישט־באַגרייפבאַרער זאַך. כאָטש ער האָט געהאַט אומ־צאָליקע פאַלן ווען ער האָט געקענט זיך פאַרבינדן און חתונה האָבן פאַר אַ צווייטער פרוי; אַז ער וועט זיין אַ פאָטער צו אירע קינדער...

טיף גערירט פון זיינע ווערטער, האָבן זיי זיך אומגעאַרעמט. כאָטש פייגעלע האָט אים אויפן מאָמענט גאָרנישט צוגעזאָגט, האָט ער אָבער פון אירע אויגן אַרויסגעלייענט, אַז זי באַוויליקט אים אויך. אַלס פרוי פּאַסט איר נישט אויפן הייסן מאָמענט גלייך צו אַקצעפּטירן. ער האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אַז מאַטעריעל שטייט ער גוט, אַז עס וועט איר ביי אים גאָרנישט פעלן.

גליקלעך פון דער באַגעגעניש האָט נתן פאַרלאָזט דעם האָטעל. אויפן וועג האָט ער שוין אָנגעהויבן צו מאַכן פּלענער פאַר דער נאָענטער צו־קונפט. די צייט איז געווען אַ קורצע, אינגאַנצן דריי וואָכן פון פייגעלעס אויפהאַלט אין בוענאָס־איירעס. איין פּלאַן פאַנטאַסטישער פון צווייטן. ער וועט אויפגעבן זיינע געשעפטן, מיטפאָרן מיט פייגעלען. אפשר וועט פייגעלע אויפגעבן איר מיסיע און בלייבן אין בוענאָס־איירעס און ער וועט זיך באַמיען אַריבערצוברענגען די צוויי קינדער. ער האָט אָבער גלייך פאַרשטאַנען, אַז אויף דעם וועט פייגעלע נישט באַשטיין. די צוקונפט פון

די קינדער ליגט אין ישראל, ווו זיי זענען געבוירן געוואָרן, ער קען אַזאַ קרבן פון איר נישט פאַרלאַנגען. פּראָבלעמען זענען אויסגעוואַקסן אייגע שווערער פאַר דער צווייטער. אַדורכלאָזן די געלעגנהייט איז אים געווען אַ שאָד, ער האָט פייגעלען אויפריכטיק ליב געהאַט. אויב ער וועט זיך איצט מיט איר נישט פאַרבינדן, ווער ווייסט צי ער וועט זי נאָך אַמאָל באַגעגענען. ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן פון איר פיזישן אויסזען. כאָטש עס זענען אַפּגעלאָפן אַזוי פיל יאָרן, אַ פרוי פון איבער די פערציק, האָט זי נאָך פאַרמאָגט אין זיך געגנוג פרויען־רייץ. איר גאַנג איז געווען מיט אַ מענערישן טריט, דרייסט געקוקט יעדן אייגעם אין די אויגן, באַשיידן אָבער מיט געשמאַק אָנגעטאָן. איר האַלטונג איז געווען אַ העפלעכע, אָבער מיט אַ געהעריקער דיסטאַנץ.

דעם זעלבן אָוונט האָט זיך נתן געזען מיט זיינע ברידער, געמאָלדן זיי וועגן זיין באַשלוס. זיי האָבן אויסגעדריקט זייער צופרידנקייט, וואָס ענדלעך וועט נתן חתונה האָבן, פירן אַ פאַמיליע־לעבן מיט מענטשן צו־גלייך. אַ גליקלעכער פון דעם אַלעם האָט זיך נתן געזעגנט מיט זיינע ברידער, גייענדיק אין זיין וווינונג. פאַרבייגייענדיק אַ בלומען־געשעפט איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו שיקן אַ בינטל רויזן, וועלנדיק דער־מיט אַרויסווייזן זיינע ליבע־סענטימענטן צו פייגעלען. אין דער וויזיט־קאַרטע, וואָס ער האָט מיטגעשיקט מיט די רויזן, האָט ער איר איינגע־לאַדן אויף צומאָרגנס אין ערשטקלאַסיקן רעסטאָראַן אויף מיטיק, אי־בערצורעדן און דערגאַנצן זיינע אָנגעצייכנטע פּלענער אויף דער נאָענטער צייט. אין מיטן דער נאַכט האָט זיך נתן פּלוצלינג אויפגעכאַפּט, אַ שאַר־פער שטאָך און אַ טיפער ווייטיק אונטערן האַרצן האָט אים געגעבן צו פילן, אַז זיין געזונט־צושטאַנד איז נישט אין בעסטן אָרדענונג. אַ צייט לאַנג ווי ער האָט געליטן אויפן האַרצן. די לעצטע עמאָציאָנעלע באַגעגע־ניש מיט פייגעלען האָט געווירקט שלעכט אויף זיין אָפּגעשוואַכטן גע־זונט־צושטאַנד. מען האָט באַלד צוויסן געטאָן זיינע ברידער, וואָס האָבן אָן שום צייט־פאַרלוסט אים גענומען אין סאַנאַטאָריע, ווו ער האָט זיך געהיילט. דער דאָקטאָר האָט גלייך פעסטגעשטעלט די ערנסטקייט פון דער קראַנקייט. דאָס איז שוין געווען די דריטע אַטאַק.

דער דאָקטאָר האָט פאַר דער פאַמיליע נישט פאַרלייקנט, אַז די סימפּ־טאָמען זענען פאַטאַלע. ביי אַ האַלבן באַוווסטזיין האָט ער שטאַמלענדיק זיך געבעטן מען זאָל צוויסן געבן פייגעלען, וועלכע איז גלייך געקומען. זעענדיק נתנען אין אַזאַ צושטאַנד, האָט זי זיך ביטער ספּאַזמאַטיש צע־וויינט. נתן האָט מיט אָפענע אויגן אָנגעקוקט די פרוי, וואָס האָט געזאָלט זיין די לעבענס־באַגלייטערין זיינע. דער חלום פון זיין יוגנט, וואָס האָט אָט־אָט געדאַרפט פאַרווירקלעכט ווערן, אָבער ער האָט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען, נאָר די אויגן האָבן געקוקט גלאָציק אויף פייגע־לען ביז זיי האָבן זיך אויף אייביק פאַרמאַכט.

אין דער שעה, וואָס ער האָט זיך באַשטעלט מיט פייגעלען אין רעס־טאָראַן, איז פאָרגעקומען די לויה פון נתן אַלטמאַרק.

# אַ מתּנה

— דאָן ראָבערטאָ! כ'האָב פאַר אייך אַ גוטע נייעס.

— איך בין גרייט אייך צו הערן, פריינט דאָמינגאָ.

— איר געדענקט, מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, ווען מיר האָבן געגעסן אין רעסטאָראַן, האָט מען אונדז אָנגעבאָטן צו קויפן ריפעס פון אַ פילאַנטראָפּישער געזעלשאַפט, פון וועלכער איר האָט מיט נישט קיין איבעריקן חשק געקויפט אַ נומער? זייט וויסן, אַז אָט דער נומער איז פּרעמירט געוואָרן מיט אַ ביציקלעט.

— אַ דאַנק אייך, פריינט דאָמינגאָ, אָבער פון וואַנען ווייסט איר דאָס?

— ווייל איין נומער ווייטער האָב איך געקויפט. אָט האָט איר די טאַבעלע, וועט איר זיך איבערצייגן.

— איך דאַנק אייך נאָכאַמאָל, פריינט מיינער, ווען איר ווייזט עס מיר נישט אָן, וואָלט איך געוויס דאָס דורכגעלאָזט. דאָס איז דער ערשטער פאַל דורך די צען יאָר זייט איך בין אין בוענאָס־איירעס, אַז איך זאָל עפּעס געווינען אויף אַ לאָטעריע. אויב איך האָב די ריפע נישט פאַרלוירן, דאַרף זי זיך געפינען ביי מיר אין ווױנונג צווישן מיינע זאַכן. איך האָב גאָרנישט קיין אַכט געלייגט אויף דעם...

— איצט, פריינט ראָבערטאָ, ווי איר ווייסט, האָב איך דעם פאַריקן חודש באַצאָלט די לעצטע קוואָטע פון מיין שטיבל, וואָס איז געוואָרן מיין אייגנטום. צוליב אָט דער געשעעניש אָרדענען מיר איין אַ פאַמיליערע שמחה, צו וועלכער איר זייט פאַרבעטן. פון די אַרבעטס־חברים זייט איר דער איינציקער וואָס איך פאַרבעט. דאָס קומט פאַר דעם קומענדיקן זונטיק ביי אַן „אַסאַדאָ קריאָזשאָ". דאָ האָט איר מיין אַדרעס. עס איז נישט מער ווי אַ האַלבע שעה רייזע מיט דער באַן. אויך האָט איר פון

אייער וווינונג אָן אָמניבוס, וואָס לאָזט אייך אַראָפּ געציילטע קוואַדרעס פון מיין וווינונגס־אָרט.

— פריינט דאָמינגאָ, איך דאַנק אייך האַרציק פאַר דער אויפמערק־זאַמקייט, וואָס איר ווייזט אַרויס לגבי מיין פּערזאָן. דאָס רירט מיך ממש. איך וועל געוויס נישט פעלן צו דעם יום־טוב, אָבער איך וועל שוין אויס־נוצן די געלעגנהייט צו באַנייען דעם ביציקלעט. עס איז שוין אין דעם אַ סך יאָרן, וואָס איך באַנוץ נישט אַזעלכעס.

די צוויי פריינט האָבן זיך געזעגנט דריקנדיק זיך די הענט, זאָגנדיק דערביי: ביז זונטיק — ביז זונטיק.

די נייעס פון געווינען אַ ביציקלעט, האָט ביי ראָבערטאָ טריטמאַן, אַ דייטשישער ייד, אַ פּליט, וואָס געפינט זיך אין אַרגענטינע זייט צען יאָר, אויסגערופן רעמיניסצענצן־זכרונות פון זיינע קינדער־יאָרן.

ער, וואָס איז געווען דער בעסטער אַרבעטער אין דער פאַבריק, האָט דעם טאָג גאָרנישט געקאָנט טאָן. וואָס ער האָט גענומען אין האַנט אַריין, איז אים אַרויסגעפאַלן. דעם טאָג האָט ער אָנגעמאַכט מער שאָדן ווי דורך דער גאַנצער צייט. ער האָט זיך דערמאָנט: אַלס יינגל האָט אים דער פאָטער געשאָנקען אַ ביציקלעט. דאָס איז געווען ביי אַ געלעגנהייט, ווען ער האָט דורכגעמאַכט אַ גוטן עקזאַמען. שפּעטער שוין, אַלס רייכער בחור און גוטער פאַרדינער, האָט ער זיך אַליין געקויפט אַ ביציקלעט און אויס־געפאָרן מיט אים האַלב דייטשלאַנד. ווען ער האָט חתונה געהאַט און זיך איינגעאָרדנט, האָט ער אויפגעגעבן די אַלע ספּאָרט־זאַכן, זיך אָפּגעגעבן מיט דער פאַבריק, וואָס האָט אויסגעאַרבעט פּרעציזע אויסמעסטונגס־אַפּאַ־ראַטן און אינסטרומענטן. עס איז ביי אים אַוועקגעגאַנגען בעסער ווי גוט, האָט געפירט אַ נאָרמאַל פאַמיליען־לעבן. ער האָט זייער געשעצט זיין פרוי און שטאַרק ליב געהאַט זיינע צוויי קינדער.

מיט היטלערס קומען צו דער מאַכט איז געקומען אַן איבערברוך אין זיין פאַמיליען־לעבן. זיין פרוי און קינדער האָבן די נאַציס אָפּגעשיקט קיין פוילן, ווו זיי האָבן געטיילט דעם גורל פון די 6 מיליאָן אומגעקו־מענע. אים האָבן די נאַציס געשאַנעוועט. אַלס זייער גוטן פאַכמאַן האָבן זיי זיך אָן אים געניייטיקט. ער האָט די מלחמה איבערגעלעבט, ער האָט

מער אין דייטשלאַנד נישט געוואָלט פאַרבלייבן. ער האָט געהאַט קאָמער־ציעלע פאַרבינדונגען מיט אַ בוענאָס־איירעסער פירמע, וואָס האָט אויס־געאַרבעט די זעלביקע אַרטיקלען. צו דער פירמע האָט ער זיך געווענדעט, זי זאָל זיך באַמיען פאַר אים צו באַקומען די איינרייזע־דערלויבעניש, די אַזוי גערופענע „זשאַמאַדאַ״.

פון 1946 געפינט זיך ראָבערטאָ טריטמאַן אין אַרגענטינע. אַן אַר־בעטזאַמער, אַ שטילער מענטש, מיט רעספּעקט צו יעדן איינעם, האָט ער זיך איינגעקויפט ליבשאַפט ביי די, מיט וועמען ער איז נאָר געקומען אין קאָנטאַקט. די איבערלעבענישן פון דער לעצטער צייט האָבן געלייגט אַ געוויסן חותם אויף זיין געמיט־צושטאַנד. ער האָט אין זיין פרוי און קינ־דער נישט געקענט פאַרגעסן. די אַלע אוממענטשלעכע בעסטיאַלישע אכ־זריותן, אָפּגעטאָענע פון די נאַציס, פון וועלכע ער פלעגט נישט איין מאָל זיין אַ פערזענלעכער עדות, האָבן איבערגעלאָזט אַ צערודערונג אין זיין פסיכיק.

אַלס גוטער פאַכמאַן פלעגט מען אים ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן פאָרשלאָגן איינצואָרדענען פאַר זיך, מיט שותפים, אַ פאַבריק. ער האָט פון די אַלע זאַכן נישט געוואָלט הערן. ער האָט מער פון קיין מאַטעריעלע ווערטן, עשירות, נישט געהאַלטן. דאָס זעלביקע ווען פריינד האָבן זיך באַ־מיט אים איבערצורייידן ער זאָל ענדערן זיין אַרט לעבן און פאַרבינדן זיך מיט אַ פרוי. ער האָט זיך צופרידנגעשטעלט מיט זיין לאַגע. ער האָט שיין פאַרדינט, פאַר איין מענטשן נאָך צופיל.

אין דער פאַבריק האָט ער זיך באַפריינדעט מיטן קאָפּאַטאַס דאָן דאָ־מינגאָ, וועלכער האָט אים אָפּגעשאַצט אַלס איינעם פון די בעסטע פאַכ־מענער אויף זיין געביט. פאַר אים פלעגט זיך ראָבערטאָ פאַרטרויען און איבערגעבן זיינע איבערלעבענישן אין דער צייט פון דער מלחמה, וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן פאַר דער בלויזן חטא פון זיין אַ ייד. דאָן דאָמינגאָ, אַ קריאָזשאָ פון דריטן דור, — זיין זיידע איז געקומען אַהער פון שפּאַ־ניע, — איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש, אַן אויפגעקלערטער, אַ באַלעזענער, האָט זיך גוט אָריענטירט אין אַלע פּראָבלעמען, פלעגט מיט־פילן זיין פריינט ראָבערטאָ. ער פלעגט אים טרייסטן אַז די נאַצי־סטיכיע

איז נישט מער ווי אַ פּאַראיבערגייענדיקער שטורעם, אַז די מענטשהייט וועט מער נישט טאָלערירן אַז אַזעלכעס זאָל זיך איבערחזרן.

און אַזוי איז די צייט געפלאָסן נאָרמאַל. ראָבערטאָ טריטמאַן האָט זיך איינגעלעבט אין בוענאָס־איירעס און האָט אַרגענטינע באַטראַכט ווי זיין צווייטע היימלאַנד.

דעם זונטיק ווען דאָן ראָבערטאָ האָט געזאָלט פאָרן צו זיין פריינט דאָמינגאָ, איז ער אויפגעשטאַנען פריער ווי געוויינטלעך, אין זייער אַ גוטער שטימונג. ס'האָט אים אויפגענומען אַ זעלטן שיינער פרימאָרגן. די לופט האָט געשמעקט מיט ערב פרילינג. פון אַזוי פיל יאָרן נישט באַנוצן קיין ביציקלעט, האָט ער זיך אויפן ערשטן מאָמענט אַביסל געוואַקלט. אָבער דאָס האָט נאָר געדויערט אַ פּאָר מינוט. ער האָט באַלד באַקומען די זעלבסטזיכערקייט און אָנגעהויבן פאָרן פאַמעלעך, אָבער זיכער. כאָטש די טראַפיק אין די שעהן, און דערצו נאָך פון אַ זונטיק, איז געווען אַ קליינע, האָט ער דאָך באַשלאָסן אַרויספאָרן אויסער דער שטאָט. ער האָט געהאט גענוג צייט ביזן האַלבן טאָג, ווען ער האָט זיך באַשטעלט צו זיין ביי זיין פריינד דאָמינגאָ. האָט ער אין געדאַנק באַשלאָסן אויסצונוצן דעם האַלבן טאָג אויף איינצואיבן זיך. ס'האָט אים געוווּנדערט וואָס דורך דער גאַנצער צייט וואָס ער געפינט זיך אין לאַנד, איז אים נישט איינגעפאַלן צו קויפן זיך אַ ביציקלעט, וואָס איז אַ באַקוועמער קעגנשטאַנד און גלייכצייטיק אַ ספּאָרט־פאַרווייַלונג.

אויפגעוועקט פון זיין טראַכטן האָט אים אַ שניידנדיקער סווישטש. דאָס האָט געפלאַצט אַ גומע פונעם ביציקלעט. ער איז אַראָפּ פון ראָווער און אָנגעהויבן באַטראַכטן דאָס אָרט, גרייטנדיק זיך אָנצופולן מיט לופט די גומע, ווי מיטאַמאָל זענען נעבן אים אויסגעוואַקסן דריי קינדערלעך אין פריען עלטער, און אָנגעהויבן באַטראַכטן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט די הכנות וואָס ראָבערטאָ מאַכט צו דעם ביציקלעט. אין געציילטע מינוטן אַרום זענען צו דער גרופּע קינדער צוגעקומען נאָך צוויי. אָבער איין קינד אין אַ זיצנדיקער פּאָזע, אין אַ קאַסטן פון האָלץ און בלעך, זייער פּרימיטיוו צונויפגעקלאַפּט, מיט פיר רעדלעך, פאַרבונדן מיט שטריק און דראָט. געשטופּט פון אַ צווייט קינד, אַן עלטערס פון די ערשטע דריי,

האָט זיך דער קאַסטן דערנענטערט. די גרופּע קינדער האָט שטיל צווישן זיך אָנגעהויבן צו קאָמענטירן די געשעעניש, און נישט דרייסט זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן וואָס אַמאָל מער צום ביציקלעט.

פון אָנהייב האָט דאָן ראָבערטאָ נישט געלייגט קיין אַכט אויף די קינדער, פאַרטאָן מיטן צורעכטמאַכן דעם ביציקלעט, האָט ער גאָרנישט געזען וואָס אַרום אים טוט זיך. אָפּגעפּאַרטיקט און גרייטנדיק זיך צום אָפּפאָרן, איז זיין בליק געפאַלן אויף דעם יינגל, וואָס איז געזעסן איבעם קאַסטן. זייערע בליקן האָבן זיך געקרייצט. אין דעם יינגלס אויגן איז געלעגן אַזוי פיל טרויער, אַזש עס האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרצן. ער האָט זיך מיטן ביציקלעט דערנעענטערט צום קאַסטן און דאָ האָט ער ממש אויפגעציטערט. דאָס איז געווען אַ פּאַראַליזירט קינד. די צוויי פיס אייַנגעקלאַמערט אין שטאָלענע אַפּאַראַטן, ווו מ'האָט דייטלעך אָנגעזען די פיסלעך וואָס זענען געווען דין ווי שטעקלעך.

דאָס יינגל האָט מיט זיינע דאַרע הענטלעך אָנגענומען דעם ביציקלעט, צולייגנדיק דאָס פּנימל, מאַכנדיק דערביי אַ באַוועגונג ווי ער וואָלט געקושט דעם ביציקלעט.

— ווי רופט מען דיך? — האָט ראָבערטאָ זיך געווענדעט צום יינגל.

— מאַטיאַס, איז מיין נאָמען, — האָט דאָס יינגל געענטפערט מיט אַ שוואַך קול.

— און דו? — האָט ער געפרעגט דאָס מיידעלע.

— ראַקעל.

די אַנדערע קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן אַליין פאָרצושטעלן, אָנרופנדיק זייערע נעמען — אַלע ביבלישע!

— וואָס טראָגט איר אַלע ביבלישע נעמען? — האָט געפרעגט ראָבערטאָ.

— אונדזערע עלטערן זענען עוואַנגעליקער — האָט געענטפערט דאָס מיידעלע.

— ווו וווינט איר? — האָט ווייטער געפרעגט ראָבערטאָ.

— אָט דאָ. איר זעט דאָס הויז וואָס שטייט אָפּגערוקט אין אַ זייט, אין מיטן פעלד?

— וואָס טוט איר אַזוי פרי אין דער שעה אויף דער גאַס?

— אונדזער פאָטער איז אַ נאַכט־וועכטער אין אַ פאַבריק. יעדן פרי־מאָרגן, ווען ער קומט פון דער אַרבעט, פאַרלאָזן מיר די וווינונג, כדי אים צו געבן אַ מעגלעכקייט ער זאָל זיך אויסשלאָפן... אינדערוואָכן גייען מיר אין שולע. היינט איז זונטיק, פאַרברענגען מיר אויף דער גאַס.

דאָן ראָבערטאָ האָט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן די קינדער פון דער נאָענט. דאָס אויסגעצערטקייט, מסתמא פון שלעכטער דערנערונג, איז געלעגן אויף זייערע פּנימלעך. דאָס אַנטוועכץ זייערס איז געווען מער ווי באַשיידן.

— שוין לאַנג ווי מאַטיאַס איז קראַנק? — האָט ראָבערטאָ, נאָך אַ קורצער ווײַלע טראַכטן, ווייטער געפרעגט די קינדער.

— די קראַנקייט האָט אים געטראָפן, ווען ער איז אַלט געווען פיר יאָר.

— וויפל איז ער איצט אַלט?

— מאָרגן זענען זיינע „קומפּלעאַניאָס". ער ווערט אַלט 15 יאָר — האָבן די קינדער אַרויסגעזאָגט מיט אַ הויכן קול.

אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף ראָבערטאָס פּנים און ווענדנדיק זיך צום ייִנגל האָט ער געזאָגט:

— מאַטיאַס, צו דיינע „קומפּלעאַניאָס" שענק איך דיר דעם ביציקלעט. נאָר מיט אַ באַדינג: זאָלסט דיינע ברידערלעך נישט פאַרווערן צו באַנוצן דעם ביציקלעט צו יעדן מאָמענט ווען זיי וועלן עס פאַרלאַנגען.

און געבנדיק אַ קוש יעדן קינד באַזונדער, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו דערווייטערן פון דער גרופּע, נישט וועלנדיק שטערן זייער פרייד, ווייל פון זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו פליסן טרערן. דאָס זענען געווען טרערן געמישט פון צער מיט פרייד. ס'האָט אים אין דעם מאָמענט אויפגעטויכט אין געדאַנק זיינע צוויי אומגעבראַכטע קינדער, וואָס ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן פלעגט ער זיי ברענגען מתנות. וואָס פאַראַ גליקלעכע מינוטן דאָס זענען געווען! אָט הערט ער נאָך ווי אין אַן עכאָ זייערע פריי־לעכע געלעכטערס...

ער האָט געפילט אַ פאַרלייכטערונג אין זיין געמיט־צושטאַנד און אַ

זעלבסטצופרידנקייט מיטן זשעסט וואָס ער האָט באַוויזן, שענקענדיק דעם ביציקלעט אָרעמע קינדער, וואָס דערמיט האָט ער זיי פאַרשאַפט פרייד. אָבער, אָרעמער מאַטיאַס! דו, ליידער, וועסט אים נישט קאָנען באַנוצן! די נאַטור איז געווען מיט דיר אַזוי גרויזאַם. פאַרוואָס? פאַרוואָס?

די קינדער האָבן זיך קעגנזייטיק אָנגעהויבן אָנצוקוקן. זיי האָבן אויפן מאָמענט דאָס נישט געקאָנט באַגרייפן. אַז דער מענטש וואָס דערוויי־טערט זיך פון זיי מיינט דאָס ערנסט, צי מאַכט ער נישט אַמאָל פון זיי שפּאַס? וואָס הייסט ער וועט זיי אַוועקשענקען אַ ביציקלעט?

דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּילט אין געציילטע מינוטן. ער וועט מסתמא באַלד צוריקקומען. דאָס האָט ער אויף אַ ווײַלע איבערגעלאָזט ביי זיי צו היטן. זיי האָבן אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם ביציקלעט פון דער נאָענט, אַרויסזאָגנדיק זייערע מבינות, אָפּשאַצנדיק אים אין שווערע טויזנטער.

אומזיסט איז געווען זייער וואַרטן. מיט נישט קיין איבעריקער דרייסטקייט האָבן זיי געפירט דעם ביציקלעט, אומקוקנדיק זיך יעדע ווײַ־לע צי מען לויפט זיי נישט נאָך. דרייסטקייט האָבן זיי באַקומען, ווען זיי האָבן זיך געפונען אַ פּאָר שפּאַן פון זייער וווינונג, ווו זיי זענען מיט רעש און געפילדער אַריין איבערשרייענדיק איינער דעם צווייטן. דעם פרימאָרגן האָבן זיי געבראַכן די דיסציפּלין און זייער פאָטער נישט גע־לאָזט שלאָפן.

***

ביי דאָן דאָמינגאָ אין דער וווינונג איז געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם פאַרבעטענע געסט, שכנים און פאַמיליאַרן. אינמיטן הויף, אויף אַן אייזערנעם שטאַנג, ביי אַ פייער, האָט זיך געבראָטן אַ זייטל פלייש. אויף אַ ספּעציעלן לאַנגן טיש זענען געווען אויסגעשטעלט פאַרשיידענע וויינען מיט געשמאַקע צובייסנס. עס איז שוין געווען אַרום האַלבן טאָג. דער עולם איז געוואָרן אומגעדולדיק, נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס מען הייבט נישט אָן די שמחה. דאָן דאָמינגאָ האָט זיך געפאָרעט, פאַר יעדן איינעם האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט: אָט הייבט זיך שוין אָן די שמחה, ס׳דאַרף נאָר קו־מען דאָן ראָבערטאָ...

פאַרוואָס ער פאַרשפּעטיקט האָט ער נישט געקאָנט באַגרייפן. ער האָט אים געקענט פאַר אַ פּינקטלעכן. אפשר האָט מיט עפּעס פּאַסירט? ער האָט געוווסט, אַז היינט באַנייט ער דעם ביציקלעט. פאַרשיידענע גע־דאַנקען זענען אים געקומען אין קאָפּ אַריין.

ענדלעך האָט זיך באַוויזן דאָן ראָבערטאָ. אַ פאַרשטויבטער, אַביסל אַ מידער, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט. דאָן דאָמינגאָ, דערזעענדיק אים ספּאָרטמעסיק אָנגעטאָן, אָבער אָן דעם ביציקלעט, האָט אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן. אין געציילטע ווערטער האָט ראָבערטאָ איבערגעגעבן זיין פריינד די פּאַסירונג מיטן ביציקלעט.

אויסהערנדיק אים, האָט ער אויפגעהויבן זיין כוס און ווענדנדיק זיך צום עולם, האָט ער געזאָגט:

— מיינע פריינד! איר זאָלט וויסן זיין, אַז די היינטיקע שמחה איז איינגעאָרדנט נישט צוליב דעם וואָס איך האָב דערוואָרבן אַן אייגן שטיבל, נאָר לכבוד דעם ייד דאָן ראָבערטאָ טריטמאַן, וואָס האָט היינט אַרויס־געוויזן אַ מענטשלעכן זשעסט, אָנפילנדיק מיט פרייד פינף קליינע קינ־דער, צווישן זיי איינס אַ פּאַראַליזירטס... אָט דער ייד, וואָס האָט צום גליק אויסגעמיטן אומגעבראַכט צו ווערן פון די בעסטיאַלישע נאַציס, האָט זיך דערשלאָגן צו אונדזערע ברעגן, ווו מיט זיין מי און פליים באַריי־כערט ער אונדזער לאַנד. קאָן ער זיין אַ ביישפּיל פאַר אַ סך מיט זיין נאָבלקייט און מענטשלעכקייט! — און ווענדנדיק זיך צו ראָבערטאָן — פון היינט אָן און ווייטער זייט איר פאַררעכנט ווי מיינס אַ משפחה־מיט־גליד. איך בין שטאָלץ צו האָבן אייך פאַר אַ פריינד! דאָ, אין דעם פרייען אַרגענטינער לאַנד, זענען מיר קינדער פון איין שטאַם. אַלע אייערע גע־רודפטע ברידער קאָנען דאָ באַקומען אַ געזיכערטע היים. ראַסן־האַס איז ביי אונדז אַ פרעמדע זאַך, וואָס מיר וועלן עס קיינמאָל נישט אָננעמען!

די צוויי פריינד האָבן זיך ארומגענומען און לאַנג, לאַנג געקוקט איי־נער דעם אַנדערן אין די אויגן, ווי פון זיי וואָלט אַרויסגעלייכט די גע־שיכטע פון צוויי שטילע און אין דער שטיל ליידנדיקע לעבנס.

# אַנטוישונג

עס איז געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווען דער מאָסאָ האָט זיי העפלעך געמאָלדן, אַז מען גייט שוין שליסן דאָס קאַפע־הויז. זיי האָבן זיך ביידע אויפגעכאַפּט ווי פון אַ לעטאַרגישן שלאָף. ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין קאַפע־הויז, איז געווען צען אין אָוונט, זיי האָבן קוים געקראָגן אַ פּלאַץ ווו זיך אַוועקצוזעצן. אַזוי אָנגעפּאַקט מיט מענטשן איז געווען. דאָס איז געווען איינע פון די לוקסוס קאַפע־הייזער אין צענטער, ווו עס קומען זיך צונויף מענטשן און פאַמיליעס פון דער בעסערער געזעלשאַפט. פיר שעה צייט זענען די צוויי מענטשן געזעסן, נישט באַמערקנדיק, ווי די צייט לויפט פאַרביי. אַ שלל פון ווערטער איז אַרויסגעבראָכן געוואָרן פאַר די ליפּן, איבערלעבונגען און פּאַסירונגען, וואָס וואָלט געווען גענוג שטאָף פאַר אַ בוך פון אַ פּאָר הונדערט זייטן.

זעקס יאָר איז אָפּגעלאָפן זייט זיי האָבן זיך געזען דאָס לעצטע מאָל. קענען זיך פון זייער פריסטער יוגנט, זייט זיי זענען צום שכל געקומען. געבוירענע אין וואַרשע, דערצויגענע אויף איין גאַס, געגאַנגען צוזאַמען אין איין שול, געפירט חברשאַפט. געשטאַמט פון בירגערלעכע סוחרישע קרייזן. געלעבט אין ראָסקאָש־„שווילטאָג״, קיינמאָל נישט געוווסט אין זייער יוגנט וואָס הייסט אַזוינס נויט. זיי האָבן געהערט צו דער אַזוי גערופענער גאָלדענער יוגנט. כאָטש זיי האָבן געקאָנט גוט ריידן יידיש, ווייל ביי זייערע עלטערן האָט זיך געפירט אַ טראַדיציאָנעל־יידיש לעבן און אויפפירונג, האָבן זיי בעסער ווילץ גערעדט פּויליש, אַפילו זייערע נעמען האָבן זיי פאַרביטן אויף פּוילישע. ער האָט געהייסן עקיבא, האָט ער זיך גערופן קובאַ. זי האָט געהייסן לאה, האָט זי זיך גערופן לאָניאַ, אַזוי איז דעמאָלט געווען איינגעפירט אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן.

אירע עלטערן האָבן געהאַט אַ גרויס פוטער־געשעפט אויף ניי־וועלט

פון די פרינציפּאַלסטע גאַסן פון אַמאָליקן וואַרשע, דאָס געשעפט איז גע־
ווען אַן איינגעפונדעוועטס פון צוויי, דריי דורות צוריק. דאָס געשעפט־
הויז האָט געשמט איבער גאַנץ פוילן און אויסער אירע גרענעצן, געהאַט
פיליעס אין אייניקע הויפּטשטעט אין אייראָפּע, געשטאַנען אין געשעפט־
לעכע פאַרבינדונגען מעבר־לים. דער פאָטער אירער, ר׳ שמעון ק., פלעגט
נאָך גיין אָנגעטאָן אין דעם טראַדיציאָנעלן יידישן טראַכט: אַ געהאַקטע
קאַפּאָטע און דאָס ספּעציפיש יידישע היטעלע, מיט דער ברייט־פאַרקעמ־
טער באָרד און פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעלויכטן חכמה, פּקחות און
לומדות צוזאַמען, דאָס איז געווען אַ ייד פון אַלטן דור. ער פלעגט יער־
לעך פאָרן קיין לייפּציג אויפן יאַריד, פאַר דעם האָט ער געהאַט צוגע־
גרייט אַ ספּעציעלן אָנצוג און אַ קאַפּעליוש. ווי נאָר ער פלעגט צוריק־
קומען פון דאָרט, פלעגט ער די אַלע זאַכן איינפּאַקן. ער פלעגט זיין
מלוכה פירן ביד חזקה. די קינדער, פיר אין צאָל, האָבן פאַר אים געהאט
דעם גרעסטן דרך־ארץ. פאַר דער געזעלשאַפט האָט ער געהאט אַן אָפענע
האַנט, ער פלעגט געבן צדקה בסתר. קיינער איז פון אים נישט אַוועק באַ־
עוולהט. אין מסחר ראַיעל און ערלעך. אין אַזאַ גייסט האָט ער דערצויגן
זיינע קינדער. ווען זיי זענען עלטער געוואָרן, האָט ער געטאָן מיט זיי די
בעסטע שידוכים פון די אָנגעזעענסטע פאַמיליעס. ספּעציעל פאַר דער
יינגסטער טאָכטער, לאה, האָט ער געזוכט אַ חתן, וואָס זאָל האָבן די
מעלות צוגעפּאַסט פאַר דער צייט. דאָס הייסט, אַ וועלטלעך געבילדעטן
מענטש. שדכנים האָבן אָפּגעשלאָגן די טירן, פאַרשלאַגנדיק יונגעלייט פון
פיינע פאַמיליעס. לאַניאַ איז געווען קאַפּריזנע אין איר אויסוואַל.

איינמאָל, מיטפאָרנדיק מיט איר פאָטער קיין לייפּציג אויף אַ יאַריד,
האָט זי זיך באַקענט מיט אַ זון פון אַ סוחר, וואָס איר פאָטער איז גע־
שטאַנען אין געשעפטלעכע פאַרבינדונגען. דער שידוך איז געשלאָסן גע־
וואָרן. דאָס איז געווען אַ יחוסדיקע פאַמיליע, וואָס האָט איינגעוואַנדערט
קיין דייטשלאַנד מיט אַ פאָר דורות צוריק פון גאַליציע. דאָס איז געווען
אַ מענטש פון הויכן וווקס, מיט זייער סימפּאַטישע געזיכט־שטריכן, מיט
אַ געוויסן גראַד העכערער בילדונג. כאָטש ער האָט געהאַט די מעגלעכ־
קייט און פעאיקייט צו שטודירן, האָט ער זיך בעסער אָפּגעגעבן מיט

מסחר. אַן איינאייניקער זון ביי זיינע עלטערן, דער פּאָטער אַ קרענק־לעכער מענטש, נישט קאָנענדיק צוליב געזונט־צושטאַנד פירן זיינע געשעפטן, וואָס זענען געווען ברייט פאַרצווייגט אין אַנדערע לענדער, האָט איבערגעגעבן דעם זון דעם גרעסטן טייל פון זיינע מסחרים צו פירן. און כאָטש נאָך אַ יונגער מענטש, קרוב צו דרייסיק יאָר, אָבער מיט זעלטענע פעאיקייטן, האָט ער אין אַ קורצער צייט געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן.

מאָריץ ריטערמאַן איז געווען דער נאָמען פון לאָניאַס מאַן. ער האָט זיכער ליב געהאַט זיין פרוי, האָט אַרויסגעוויזן פיל אויפמערקזאַמקייט צו איר, כאָטש זיי זענען געווען פון באַזונדערע גראַד קולטורן. ער, אַ מערב־דיקער, און זי, אַ מזרחדיקע, האָבן זיי זיך גוט איינפאַרשטאַנען. לאָניאַ האָט אין וואַרשע געענדיקט די גימנאַזיע מיט אַן אויסצייכענונג. זי האָט גערעדט פּערפעקט עטלעכע שפּראַכן און זעלטן איידעלע מאַנירן. אַ פרוי אַ שיינקייט, אַ שלאַנקע, מיט אַ גראַציעזער פיגור, מיט אַ קאָפּ בלאָנדע האָר, וואָס האָט איר געמאַכט מאַיעסטעטיש. אַ געטאָקטע נאָז, דינע ליפּן און צוויי קאַרשן־אויגן האָבן אַרויסגעשיינט פון איר פּנים.

אויפן ערשטן בליק האָט זיך געקאַנט דאַכטן, אַז זי האַלט זיך שטאָלץ, פאַרריסן. אָבער, אויסטויישנדיק מיט איר אַ צוויי־דריי ווערטער, האָט מען געהאַט פאַר זיך אַ זעלטן איידעלע פרוי, וואָס האָט געהאַט אַן אויער פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט זיך נאָר געווענדעט צו איר און אַן אויסגעשטרעקטע האַנט צו העלפן דעם, וואָס האָט זיך גענייטיקט אין עפּעס. זי האָט זיך איינגעלעבט אין דער נייער סביבה, כאָטש עס האָט זיך איר שטאַרק געבענקט נאָך וואַרשע, ווו זי האָט איבערגעלאָזט אירע נאָענטסטע חברים, פריינט, קאָלעזשאַנקעס.

דער פאָטער אירער פלעגט רעגולער קומען יעדעס יאָר צום יאַריד, וואָס פלעגט דויערן אַ חודש צייט. אַז עס פלעגט זיך איר גאָר שטאַרק פאַרבענקען, פלעגט זי פאָרן אויף אַ צוויי וואָכן צום פאָטער. איר מאַן פלעגט זיך רעכענען מיט אירע געפילן, כאָטש עס איז אים שווער אָנגעקומען דאָס שיידן זיך מיט זיין פרוי, אַפילו אויף אַ קורצער צייט. ער האָט זי אויפריכטיק ליב געהאַט. דאָס קומען פון לאָניאַן קיין וואַרשע פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין איין גרויסן יום־טוב. די חברים, פריינט,

באַקאַנטע, פלעגן איינאָרדענען, כמעט יעדע נאַכט, פאַרווייַלונגען און אונ־טערהאַלטונגען, וואָס פלעגן זיך פאַרציען ביזן שפּעטן פאַרטאָג.

איר לעצטן באַזוך וואָס זי האָט געמאַכט, איז געווען אין יאָר 1933, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד. פינצטערע כמאַ־רעס האָבן זיך פאַרצויגן איבער די הימלען פון אייראָפּע, דער אָפענער אַנטיסעמיטישער קורס, וואָס די דייטשע רעגירונג האָט דעמאָלט פּראָקלאַ־מירט איז געווען שטאַרק אַנזעעוודיק. עס איז פאַרבאָטן געוואָרן אַנטייל־צונעמען אין די לייפּציגער יאַרידן יידן בכלל און אויסלענדישע יידן בפרט. דער פאָטער אירער, אַ קלוגער און ווייט־זעעוודיקער מענטש, האָט זיך געגעבן רעכענונג, אַז עס קומען אָן שווערע צייטן. פאַרמאָגנדיק אַ גרויסן קאַפּיטאַל, אָנגעזאַמלט פון אַ סך יאָרן, האָט ער באַשלאָסן צו ליקווידירן ביסלעכווייז זיינע געשעפטן און איינאָרדענען זיך מעבר לים. נאָך עט־לעכע פאַמיליע־באַראַטונגען, ווו עס איז אַלץ מיטגעטיילט געוואָרן לאַניאַס מאַן אין לייפּציג, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין פּלאַן, איז מען צו־געטראָטן אים צו פאַרווירקלעכן, וואָס עס איז אַזוי לייכט נישט אָנגעקו־מען. לאַניאַ, כאָטש ביי געוויסע אָנשטרענגונגען, וואָלט געקאָנט צוריק־פאָרן צו איר מאַן קיין לייפּציג, איז געראָטן געוואָרן אָפּצוהאַלטן זיך פון פאָרן, אויף אַ געוויסער צייט, מיט דער האָפענונג, אַז דער פּאָליטישער קלימאַט וועט זיך אויסלייטערן.

אין יענער צייט האָט די דייטשע רעגירונג נישט געמאַכט קיין אי־בעריקע שוועריקייטן פאַר יידן, וואָס האָבן געוואָלט פאַרלאָזן דייטשלאַנד. אָבער קיין גרויסע קאַפּיטאַלן האָט מען נישט געלאָזט אַרויספירן. מאָריץ ריטערמאַן האָט מיט זיינע ברייט־פאַרצווייגטע האַנדלס־באַציונגען אין פאַרשיידענע לענדער, ווו ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס בריהשאַפט און גאונישע איינפאַלן, דאָך באַוויזן אַרויסצוראַטעווען אַ געוויסן קאַפּיטאַל. ער האָט צוערשט זיך באַזעצט אין דער שווייץ. גרינג איז אים דאָס אַלץ נישט אָנגעקומען. דאָס דורכצופירן האָט געדויערט אַ צייט פון קנאַפּע דריי יאָר. דער שווער זיינער אין וואַרשע, וואָס איז געווען דער איניציאַ־טאָר און פּלאַן־געבער פון אויסוואַנדערן אין די מרחקים, האָט געהאַט אין זינען אַז נאָר זיינע קינדער זאָלן זיך איינאָרדענען אין אַנדערע לענדער.

אים האָט נישט געלאָקט דאָס פאָרן אין אַנדערע מקומות. אַ מענטש פון עטלעכע און פופציק יאָר, צוגעוווינט צום אָרט לעבן אין פאַרמלחמהדיקן וואַרשע, זייער אַן אַנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער מענטש, האָט ער ביי זיך געטראַכט, ווי אַנדערע אין יענער צייט: דער שטורעם וועט אַריבער, עס וועט זיך אויסלייטערן. וועמען האָט דעמאָלט געקענט איינפאַלן, אַז דער חורבן וועט זיין אַזוי שרעקלעך, וואָס פאַר אַ טראַגישע צייטן עס רוקן זיך אָן אויף די מזרח־אייראָפּעישע יידן. ער האָט אַ סך געשעפטן ליקווידירט און גרויסע סומעס געלט אַרויסגעשיקט זיין איידעם אין דער שווייץ.

דער פּלאַן איז אָבער געווען נישט צו בלייבן אין אייראָפּע, נאָר איינ־צואָרדענען זיך אין די אַמעריקעס. דער אויסוואַל איז געווען אַרגענטינע. דורך די דריי יאָר, וואָס לאָניאַ איז געווען צעשיידט פון איר מאַן, האָט זי געוווינט ביי איר פאָטער אין הויז, ווו עס האָט איר גאָרנישט געפעלט. צווישן אַלע אירע באַקאַנטע פריינד האָט זי אויסגעקליבן קובאַן פאַר אַ פּאַרטנער, וואָס האָט זי שטענדיק באַגלייט, סיי אין געזעלשאַפט, סיי אין פּריוואַטן לעבן, שטענדיק האָט מען זיי געזען צוזאַמען. דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַ הויכן וווקס, אַן אַטלעטיש פיגור מיט סימפּאַטישע געזיכט־שטריכן. ער האָט געשטודירט אויף אַדוואָקאַט. אַ באַלעזענער, מיט זייער העפלעכע מאַנירן, אין זעלבן עלטער פון לאָניאַן. די עלטערן זיינע זענען פאַראָרעמט געוואָרן, עס האָט געהאַלטן ביי דעם, ער זאָל אויפגעבן דעם שטודיום. ביי אַ געלעגנהייט האָט ער זיך פאַר איר פאַרקלאָגט וועגן זיין לאַגע. זי האָט זיך מיט אים פאַראינטערעסירט. פון דעם מאָמענט אָן האָט זיך פאַרבונדן אַן אינטימע פריינטשאַפט צווישן די צוויי מענטשן. ער איז נישט געווען קיין פאַרהייראַטער. זי, צייטווייליק צעשיידט פון איר מאַן, די נאַטור האָט געפאָדערט דאָס איריקע. אָבער ביידע האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאָר אַ צייטווייליקע איבערלעבונג, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט זיך דאָס ענדערן; אַז יעדער וועט גיין אין אַן אַנדער ריכטונג. קיין גאָר גרויסע ליבע איז צווישן זיי נישט געווען. דאָס איז געווען אַ מאָמענטאַנער ליידנשאַפטלעכער אויסברויז פון צוויי דערוואַקסענע מענ־טשן, וואָס קענען און פאַרשטייען דאָס לעבן, וואָס אומשטענדן, נישט

דערקלערבאַרע, ברענגען צו דעם, וואָס מיט דער צייט בלייבט נישט מער ווי אַ זיסע דעראינערונג און אַ סוד פאַרן גאַנצן לעבן.

די אומשטענדן האָבן אַזוי אָנגעהאַלטן דריי יאָר צייט, ווען אין אַ טאָג האָט לאַניע דערהאַלטן אַ בריוו פון איר מאַן, אַז ער האָט שוין גע־מאַכט אַלע נייטיקע צוגרייטונגען צו פאָרן קיין אַרגענטינע. זי זאָל ווי אַמשטענלסטן קומען צו אים, ווו זיי וועלן צוזאַמען מאַכן די רייזע. לאַניאַ האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן אין וועג אַריין. נאָך אַ קורצן צייט־אָפּשניט פון עטלעכע חדשים האָט זי פאַרלאָזט איר געבוירנשטאָט וואַרשע, געזע־גענענדיק זיך מיט איר פאָטער, פאַמיליע, באַקאַנטע און פריינד. באַזונ־דער גאָר האַרציק איז געווען דאָס געזעגענען זיך מיט קובאַן, וואָס דורך דער צייט האָט ער געענדיקט זיין שטודיום. זי האָט אים געהאָלפן איינ־אָרדענען זיך מיט אַ ביוראָ, מיט דער האָפענונג זיך ווידער צו זען און צוזאָגנדיק זיך קעגנזייטיק צו קאָרעספּאָנדירן, האָט מען לאַניאַן באַגלייט צום ווינער וואָקזאַל, ווו זי האָט געמאַכט איר רייזע איבערלאָזנדיק איר פאַמיליע, פריינד, באַקאַנטע אין גרויס בענקשאַפט נאָך איר.

***

מאָריץ ריטערמאַן איז מיט זיין פרוי געקומען קיין בוענאָס איירעס אין אָנהייב פון 1937טן יאָר. ער האָט געהאָט געשעפטלעכע פאַרבינדונ־גען מיט סוחרים פון זיין בראַנזשע פון אַ סך יאָרן, די פירמע איז געווען באַקאַנט אויף דעם היגן מאַרק. עס האָט נישט לאַנג געדויערט ווי זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט מיט אַ גרויס געשעפט אין בעלגראַנאָ־געגנט. אין יענער צייט האָט איינגעוואַנדערט אין די זיד־אַמעריקאַנער לענדער, ספּע־ציעל קיין אַרגענטינע, אַ גרויסער שטראָם דייטשע יידן, מערסטנטייל פון בעסערן מאַטעריעלן וווילשטאַנד, אַרויסראַטעווענדיק אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. עפּעס ווי לויט אַן אָפּגערעדטן אָפּמאַך האָבן זיי אויסגעקליבן יענע שטילע אַריסטאָקראַטישע געגנט. זיי האָבן אויך געזאָרגט פאַר זייער סאָציאַלן לעבן. עס זענען אויפגעקומען פאַרשיידענע הילפס־פאַראיינען, ספּאָרט־קלובן און ביבליאָטעקן. זיי האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון די מזרח־אייראָפּעישע יידן, אויסער אין קאָמערציעלן לעבן, וואָס דאָס

איז נישט געווען אויסצומיידן. לאַניאַ האָט איר מאַן געשעצט און ליב גע־
האַט, האָט זיך די ערשטע צייטן אַרומגעדרייט ווי אויף אַ פרעמדער חתונה.
עס האָט זיך איר שטאַרק געבענקט נאָך איר סביבה, נאָך אירע פאַמיליע־
פריינט און באַקאַנטע. די לעצטע דריי יאָר, וואָס זי איז געווען אין וואַר־
שע, האָט זי נישט געקענט אַזוי לייכט פאַרגעסן מיט דער צייט פון איר
זיין אין לייפציג, ווו זי האָט שוין געהאט איר קרייז באַקאַנטע, האָט זי
זיך די ערשטע צייט געפילט עלנט. זי איז געווען קינדערלאָז; אַלע באַ־
מיאונגען צו ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט, איז געווען פרוכטלאָז. זי
פלעגט באַזוכן די גרעסטע דאָקטוירים, פראָפעסאָרן, געלאָזט זיך קאָסטן
אַ סך געלט. דאָקטוירים האָבן אַרויסגעטראָגן דעם דיאַגנאָז, אַז דאָס איז
אַ קאַפּריז פון דער נאַטור, פּעסטשטעלנדיק אַז ביידע, מאַן און ווייב, זע־
נען צוויי נאָרמאַלע מענטשן.

זי פלעגט זיך אַרומדרייען אין דעם רייכן לוקסוסדיקן טשאַלעט, זיך
לאַנגווייליקן פון גאָרנישט טאָן. אַלס צייט־פאַרטרייב פלעגט זי קומען אין
די נאָך מיטיק־שעהן אין געשעפט, ווו זי האָט געהאָט די מעגלעכקייט צו
באַקענען עטלעכע פאַמיליעס, יידן, וואָס האָבן געשטאַמט פון פוילן. איי־
ניקע פון וואַרשע, וואָס האָבן גוט געקענט איר פאָטער, מיט וועמען זיי זע־
נען געשטאַנען אין געשעפטלעכע פאַרבינדונגען אין די לעצטן צייטן נאָך.
זי האָט זיך געמאַכט קענטשאַפט, פלעגט אָפט באַזוכן די זעלבע. דער מאַן
אירער איז געווען צופרידן, וואָס זי האָט געפונען איר געזעלשאַפט די צייט
צו פאַרברענגען. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, די געשעפטן פון איר מאַן
האָבן זיך אויסגעברייטערט אויף אַזוי פיל, אַז ער האָט געעפנט גאָר אַ
גרויס געשעפט אין מאָנטעווידעאָ. זי פלעגט פירן קאָרעספּאָנדענץ מיט
איר פאָטער, ווו זי פלעגט אים אין די בריוו בעטן אַז ער זאָל קומען קיין
אַרגענטינע. ער זאָל אויפגעבן זיינע געשעפט, ווו עס וועט אים גאָרנישט
פעלן. ער פלעגט עס אָפּלייגן פון איין חודש אויפן צווייטן. דאָס איינ־
ציקע וואָס זי האָט דערגרייכט, כמעט האַרט פאַרן אויסברוך פון דער
מלחמה, האָט זי אַריבערגעבראַכט אירס אַ ברודער, וואָס איז געקומען אַלס
טוריסט, איבערלאָזנדיק אין וואַרשע אַ פרוי מיט צוויי קינדער.

אין דעם איז אויסגעבראָכן די מלחמה. עס זענען איבערגעריסן גע־

וואָרן אַלע פעדעם מיט דער אַלטער היים. מ. ריטערמאַן האָט געהאַט פאַר־בינדונגען אין דער שווייץ, ווו ער האָט זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט, באַ־מיענדיק זיך ווי ווייט מעגלעך, צו לינדערן די לאַגע פון זיין שוועך. די ערשטע צייט איז עס אים געלונגען דורכן רויטן קרייץ. אָבער שפּעטער אַביסל האָט זיך די לאַגע פאַרשאַרפט; אָט די קליינע הילף און לויזע פאַר־בינדונג איז אויך איבערגעריסן געוואָרן. אין אירע שמועסן מיט איר ברודער פלעגט זי אַלעמען באַדויערן, אָבער מער פון אַלע, וואָס איר פאָטער איז געווען אַזוי איינגעשפּאַרט מיט נישט וועלן פאַרלאָזן וואַרשע אין דער צייט ווען ער האָט געהאַט אַלע מעגלעכקייטן צו קומען קיין אַרגענטינע, ווו עס וואָלט אים גאָרנישט געפעלט.

אין יאָר 1945, ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט לאָניאַ זיך באַמיט געוויר צו ווערן דורכן דזשאָינט ווי אויך דורך אַנדערע קוועלן, פון איר פאַמיליע, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט אין דער אַלטער היים. דער רעזולטאַט איז געווען אַ טרויעריקער: בוכשטעבלעך קיינער איז נישט גע־בליבן פון איר פאַמיליע, אויסער איר יוגנט־פריינד קובאַ, וואָס האָט איר שריפטלעך געמאָלדן פון דעם טרויעריקן סך־הכל. ער האָט איר אין אַ בריוו דרינגענד געבעטן זי זאָל אים שיקן ארויספאָדערונגס־פּאַפּירן, די אַזוי גערופענע „זשאַמאַדאַס״. אין קיין געלט, האָט ער איר געשריבן, בּיי־טיקט ער זיך נישט.

אין יענער צייט איז אָנגעקומען שווער דאָס אויסאַרבעטן אַרויספאָ־דערונגס־פּאַפּירן קיין אַרגענטינע. מאָריץ ריטערמאַן האָט זיך באַמיט דאָס צו באַקומען אויף דער ביטע פון זיין פרוי. עס איז שוין געווען אויף דעם וועג דאָס צו באַקומען; עס האָט זיך געהאַנדלט אין אָפּוואַרטן אַ שטיקל צייט. נאָך דריי מאָל זיך איבערשרייבן מיט קובאַן, איז מיטאַמאָל איבער־געריסן געוואָרן די קאָרעספּאָנדענץ. לאָניאַ האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין זיין האַנדלונג. איבערטראַכטנדיק מעגלעך, אַז עפּעס איז געשען מיט קו־באַן, האָט זי זיך געווענדט צו דער אָפיציעלער פּוילישער רעגירונג, נאָך אויסקונפטן, ווו מען האָט איר געמאָלדן: אַז ער איז אַרעסטירט אויף דער קלאַגע פון מיטאַרבעטן מיטן נאַצי־אָקופּאַנט, אַז זיין ענין געפינט זיך אין רשות פון צענטראַל־קאָמיטעט פאַר אויספאָרשונג פון די יידן,

וואָס האָבן געדינט היטלערן. די ידיעה האָט אויף איר געמאַכט אַ פּיינ־לעכן איינדרוק. זי האָט זיך זייער געשעמט פאַר איר מאַן, פאַר וועמען זי האָט קובאַן פאַרגעשטעלט גאָר אין אַן אַנדער ליכט. זי האָט זיך באַ־מיט צו דערמאָנען זיינע געוווינהייטן, מאַנירן, אַרט פירונג; צי איז ער פעאיק געווען אַזוי נידעריק צו פאַלן? זי האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן, אָבער דער בריוו פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט איר איבערצייגט, אַז דאָס איז נישט גלאַט אַ רכילות פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן. זי האָט די ביטערע פּיל און אומאַנגענעמע אַנטוישונג אַראָפּגעשלונגען. זיי האָבן אויפגעגעבן דאָס אויסאַרבעטן די פּאַפּירן. פון דער גאַנצער געשיכטע האָט מען ביי דער פאַמיליע ריטערמאַן מער נישט גערעדט, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ נישט דערדערטער אָפּמאַך צווישן מאַן און ווייב פון דעם ענין אינגאַנצן צו פאַרגעסן.

די צייט איז געפלאָסן נאָרמאַל. לאַניאַ, ווי אַנדערע, האָט זיך צו־געוווינט צום געדאַנק, אַז אויף יענער זייט ים האָט זי מער נישט קיין פאַמיליע. זי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט געזעלשאַפטלעכע, פילאַנטראָפּישע אַרבעטן, וואָס נאָך די מלחמה־יאָרן איז געווען אַ סך אויפצוטאָן אויף דעם געביט. אַן איבערברוך איז געקומען אין איר פאַמיליע־לעבן, ווען איר מאַן איז ערנסט קראַנק געוואָרן פון צופיל אָנגעשטרענגטער אַרבעט. דאָק־טוירים האָבן אים געראַטן צו פאַרלאָזן בוענאָס־איירעס מיט די פייכטע וועטערן און שלעכטן קלימאַט און פאָרן קיין קאָרדאָבאַ. אַ מענטש מיט קאַפּיטאַל, האָט ער איינגעאָרדנט אַ גרויס געשעפט אין קאָרדאָבאַ. איבער־געבנדיק דאָס געשעפט אין בוענאָס־איירעס זיין שוואָגער, צו וועמען ער האָט געהאַט גרויס צוטרוי, פלעגט ער פון צייט צו צייט קומען קיין בוע־נאָס־איירעס, דערליידיקן געשעפטלעך און באַלד צוריקפאָרן.

עס פלעגט זיך מאַכן, אַז לאַניאַ אַליין פלעגט קומען אָפּזיין אַ וואָך צי צוויי, וויזיטירן אירע באַקאַנטע, צו וועמען עס פלעגט זיך איר שטאַרק בענקען. מיט אַ קורצער צייט צוריק, ווען לאַניאַ האָט געמאַכט אַ וויזיט ביי איר ברודער, איבערקוקנדיק די קאָרעספּאָנדענץ צו איר, האָט זי מיט שטוינונג דערזען אַ בריוו פון קובאַן, אין וועלכן ער מעלדעט איר, אַז ער געפינט זיך אין בוענאָס־איירעס, שוין אַ צייט פון צוויי וואָכן. ער דריקט

אויס זיין פאַרלאַנג זיך מיט איר צו טרעפן. איבערראַשט פון דעם אַלעם אויפן מאָמענט, האָט זי נישט געוווסט וואָס צו באַשליסן. עפּעס אַן אי־נערלעכער סענטימענטאַלער געפיל האָט זי באַהערשט אויפן מאָמענט. פאַרבאָרגענע געפילן האָבן דערוואַכט אין איר. עס האָבן אויפגעטויכט אין אירע געדאַנקען די אַלע איבערלעבונגען, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט מיט דעם מענטשן, וואָס איז אַמאָל, מיט 16 יאָר צוריק, געווען איר פּאַרטנער, איר יוגנט־פרייַנד. אויפן מאָמענט איז זי געווען צופרידן וואָס דער בריוו איז אַרייַנגעפאַלן צו איר אין די הענט אַריין; וואָס דער מאַן אירער ווייסט נישט פון קובאַס קומען קיין בוענאָס־איירעס. אַלנפאַלס, שפּעטער וועט זי זיך דעצידירן איבערצוגעבן איר מאַן פון זיין קומען.

***

נישט פאַרלירנדיק קיין צייט האָט זי אים גלייך געענטפערט, באַ־שטעלנדיק זיך מיט אים צו טרעפן אין אַ קאַפע־הויז. דעם זעלבן אָוונט, ווען לאַניאַ איז אַריינגעקומען אין דעם קאַפע־הויז, האָט שוין קובאַ גע־וואַרט אויף איר.

די באַגעגעניש פון די צוויי מענטשן איז געווען זייער אַן עמאָציאָ־נעלע. אַ צייט לאַנג זענען זיי געזעסן איינער אַנטקעגנאיבער דעם צווייטן איינעסנדיק זיך מיט די אויגן, און נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט. פאַר איר איז געזעסן אַ מענטש, וואָס האָט נאָר געהאַט דעם נאָמען מענטש. דאָס איז געווען אַ שאָטן. גרוי ווי אַ טויב. פון זיין אַמאָליקער אַטלעטי־שער פיגור איז געבליבן אַן איינגעבייגענער גוף מיט אויסגעלאָשענע אויגן, וואָס האָבן שטאַר געקוקט אין חלל אַריין. דער קאָנטראַסט פון די צוויי מענטשן איז געווען זייער גרויס. זי, עלעגאַנט אָנגעטאָן מיט פּאַרנעם; ער, מער ווי באַשיידן אָנגעטאָן, איז געווען די אויפמערקזאַמקייט פון די אָנוועזנדיקע. ער האָט אָנגעהייבן צו רעדן, וואָס עס איז אים שווער אָנ־געקומען, וועגן זיינע איבערלעבונגען פון די לעצטע יאָרן. ער האָט גע־בעטן זי זאָל אים נישט משפּטן פאַר זיינע טאָטן, וואָס פאַר זיי איז ער שוין גענוג אָפּגעקומען. אַכט יאָר צייט איז ער אָפּגעקומען אַ תּפיסה־שטראָף ביי די פּאָליאַקן, וואָס ער איז פאַרמשפּט געוואָרן פון צענטראַל־

קאָמיטעט. נאָך זיין באַפרייאונג האָט ער זיך באַמיט צוצוקומען קיין אַר־געגטינע נאָר צוליב איר, צו וועמען עס האָט אים געצויגן. ער האָט ווי אַלע פאַרלוירן זיינע אייגענע. קיין באַשטימטן ציל האָט ער נישט פאַר דעם מאָמענט. אין בוענאָס־איירעס האָט ער נישט קיינעם אויסער איר. אין נאָמען פון זייער אַמאָליקער פריינטשאַפט, בעט ער זי, זי זאָל זיך מיט אים פאַראינטערעסירן.

לאַניאַ האָט אים געלאָזט ריידן, נישט שטערנדיק אים. אויף איר פראַגע, וואָס ווייסט ער פון איר פאָטער, פון די לעצטע טעג זיינע. דאָ האָט קובאַ אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אָנגעהויבן שטאַמלען מיט גישט קיין קלאָרע ווערטער, אַז ער האָט אים געזען אויף דעם אומשלאַג־פּלאַץ, פאַר דער אויסזידלונג קיין אַשוויענטשים. פון זיינע ווערטער האָט זי פאַר־שטאַנען אינסטינקטיוו, אַז ער האָט געהאַט אַ געוויסן שייכות צו דעם לעצטן וועג, וואָס איר פאָטער איז געגאַנגען. זי האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויף אים מיט אַנדערע אויגן. וואָס מער ער האָט גערעדט און געפּרוווט זיך צו פאַרטיידיקן, אַלץ גרעסער איז געוואָרן דער תהום צווישן די צוויי מענטשן. אַלע סענטימענטן, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין איר האַרץ פאַר דעם מענטשן, זענען מיטאַמאָל אויסגעוועפּט געוואָרן. זי האָט גע־פּרוווט זיך אויפשטעלן צו פאַרלאָזן דאָס אָרט און אים, וואָס אין דעם מאָמענט איז ער איר געוואָרן דערווידער. אָבער דער קאָפּ האָט זיך איר פאַרדרייט, די קני האָבן זיך צוזאַמענגעבראָכן. זי איז צוריקגעפאַלן אויף דער שטול אַ צוזאַמענגעבראָכענע און ספּאַזמאַטיש אויפן הויכן קול אָנ־געהויבן צו וויינען. קובאַ האָט מיט איר מיטגעוויינט.

# אַ קרבן פון דער צייט *)

ער האָט געהאַט אַ שלאָפלאָזע נאַכט. האָט קיין אויג נישט צוגעמאַכט, טראַכטנדיק און נאָכטראַכטנדיק וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג, ווען ער וועט דאַרפן פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אויפגעזעצט אויפן ראַנד פונעם בעט, ווייל ער האָט נישט געקאָנט איינליגן. ער האָט געהאַט חשק איבערגיין זיך איבערן זאַל, אָבער דאָס איז געווען פאַרבאָטן אין די נאַכט־שעהן. זיין בליק איז געפאַלן אויפן קרייץ, וואָס איז געהאנגען אינמיטן זאַל. אונטערן קרייץ האָט אַ געדעמפּט ליכט געוואָרפן אַ שוואַכן שיין צוזאַמען מיט שאָטנס אויף דער לאַנגער ריי בעטן, וואָס זענען געשטאַנען סימעטריש אויסגעשטעלט. דאָס שווערע כראָפּען און די שטילע קרעכצן פון די קראַנקע, צו וואָס ער האָט זיך שוין געהאַט אַביסל צוגעוווינט, האָבן אים די נאַכט שרעקלעך דענערווירט. דאָס הייזעריקע קלינגען פון אַ קלויסטער־גלאָק האָט אויסגעקלונגען די צייט, האָט איבערגעלאָזט אַזאַ אימהדיקן ווידערקול. עס האָט אים דערמאָנט די נישט ווייטע פאַרגאַנגענהייט און עס האָט אין זיין דמיון אויפגעטויכט דער קאָשטשאָל פון זיין געבורט־שטעטל אין פוילן, וואָס פלעגט מיטן קלינגען פון די גלאָקן רופן די גלייביקע אָפּצוריכטן תפילות אין די קריסטלעכע חגאות.

וויפל איז שוין פון דעם אַוועק! און דאָך — ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען. דורך די זעקס וואָכן זינט ער איז אינטערנירט, האָט ער פּסיכיש אַ סך דורכגעמאַכט. געווען מאָמענטן, ווען ער איז געשטאַנען ביים ראַנד פון משוגעת. אָבער אַן איבערנאַטירלעכע צוגעבונדנקייט צום לעבן האָט גובר געווען אַלע שווערע מאָמענטן. די דאָקטוירים, וואָס האָבן אים באַהאַנדלט, האָבן אויסגעדריקט באַוווּנדערונג פאַר דעם אויסדויער פון דעם מענטשן. ביי אַנדערע וואָלט די קראַנקייט זיך געשלעפּט חדשים,

*) די דאָזיקע דערציילונג א. נ. „לייבל וויינקלאָס‟ איז אינסצעניזירט און אויפגעפירט געוואָרן דורכן שוישפילער־קאָלעקטיוו „אַרטעא‟ אונטער דער רעזשי פון מאַקס בערלינער.

און ער האָט דאָך אין געציילטע וואָכן זיך אויסגעהיילט פון אַ שווערער קאָמפּליצירטער נערוון־קראַנקייט.

ער האָט רואיק אויפגענומען די מעלדונג, אַז ער דאַרף פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל, ווייל פון דער קראַנקייט איז ער אויסגעהיילט, אָבער ער דאַרף פאַרן זיך אָפּרוען ערגעצווו אין די בערג. דערמיט וועט ער אינגאַנצן קו־מען צו זיך.

ער האָט ביי זיך געטראַכט: ווי לייכט עס איז צו געבן עצות אויף צו פאָרן דערהאָלן זיך, דעמאָלט, ווען ער, פאַרלאָזנדיק דאָס שפּיטאָל, האָט נישט ווו צו עפענען אַ טיר.

ביז איצט האָט ער זיך נישט אָנגעצייכנט קיין שום פּלאַן, און אוודאי אויך נישט קיין שום ווינאַרט.

אַזוי, קוקנדיק אין חלל אַריין, קומט אים אויף אין געדאַנק די לעצטע איבערלעבעניש זייט ער געפינט זיך אין שפּיטאָל. ער דערמאָנט זיך, ווי מען האָט אים אַ פאַרחלשטן, פון דער גאַס געבראַכט דאָ אַהער, ווי אייניקע קראַנקן־שוועסטער האָבן זיך אַרום אים געפּאָרעט. ווען ער איז צו זיך געקומען האָט אים דער פּאָליציי־אַגענט אויסגעפרעגט וועגן דאַטן פון זיין פּערזאָן. אויף דער אָנפראַגע, ווו ער וווינט, האָט ער אָנגעגעבן דעם אַדרעס פונעם האָטעל, ווו ער זיך אויפגעהאַלטן די לעצטע וואָכן זייט ער איז אַוועק פון „איר"...

דאָס איז פאַר דער פּאָליציי נישט געווען גענוגנדיק. עס איז געווען אַ דריטראַנגיקער האָטעל און זיינע איינוווינער האָבן נישט געהאַט קיין גוטע רעפּוטאַציע. ווען מ'האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער וועט באַ־טראַכט ווערן ווי איינער, וואָס האָט נישט קיין באַשטימטע ווינאַרט, האָט ער קעגן זיין ווילן אָנגעגעבן אַן אַדרעס, ווו ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ צייט פון דריי יאָר, זינט ער איז צוזאַמען מיט איר געקומען פון פּאַריז. עס האָט אים געעגבערט אין מוח די האַרצלאָזע האַנדלונג פון „איר".

זייט ער איז אינטערנירט, האָט קיינער אים נישט באַזוכט. קיינער האָט מיט אים זיך נישט פאַראינטערעסירט. שטיקער פון זיין לעבן האָבן אויפגעטויכט אין זיין דמיון. ער האָט זיך ווידער געפילט אויסגעוואָרצלט פון אַלץ און אַלעמען און ער האָט ביי זיך געפרעגט: וואָס ווייטער? ווער

ווייסט, וואָס דער שיקזאַל האָט פאַר אים ווידער צוגעגרייט, וואָס פאַר אַ סורפּריזן עס וואַרטן אויף אים. געווען מאָמענטן, ווען ער איז שוין גע־ווען מיד פון דעם אַלעמען, אָבער אַן אינערלעכע שטים האָט אים אונ־טערגעזאָגט, ער זאָל זיך האַלטן, קעמפן פאַר זיין אָרעמער עקזיסטענץ פון אַן עלנטן מענטשן, וואָס האָט אין זיין קורצן לעבנסוועג מיטגעמאַכט מער ווי אַ מענטשנס פאַנטאַזיע קאָן אויסטראַכטן.

ביי זיין עלטער פון 36 יאָר האָט אים דאָס לעבן אויסגעלערנט צו קוקן דער ווירקלעכקייט גלייך אין פּנים אַריין. ער האָט דורכגעמאַכט קריטישע מאָמענטן. דער טויט האָט געלויערט אויף אים. ער האָט זיך אָבער אַרויסגעדרייט פון אַלע געפאַרן, ווי אַ מיסטעריעזע האַנט וואָלט אים אָנגעוויזן, ווי צו האַנדלען אין קריטישע מאָמענטן. און אַזוי טראַכטנ־דיק אין די פאַרטאָג־שעהן פון דעם טאָג, ווען ער דאַרף פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, ציילנדיק די שעהן, וואָס האָבן זיך אַזוי פּאַמעלעך געררוקט און די מינוטן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אייביקייטן, האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט: מען מוז ווידער אָנהייבן פון ס׳ניי, האָט ער צו זיך געזאָגט.

ער האָט זיך קוים דערוואַרט. ווי נאָר די קראַנקן־שוועסטער האָט אים געמאָלדן, אַז דער דאָקטאָר וויל אים זען, פאַרן פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל, האָט ער זיך געזעגנט מיט די אינטערנירטע פון דער סאַלע און זיך גע־לאָזט צום אַרויסגאַנג.

אַ קילער פרימאָרגן־ווינט האָט אים אויפגענומען. עס איז געווען אין שפּעטן האַרבסט און ער איז געווען אָנגעטאָן אין די זומערדיקע מלבושים. קעגנאיבער דעם שפּיטאָל האָט זיך געפונען אַ פּלאַסע. ער האָט זיך גע־לאָזט אַהין, געוואָלט זיך אַביסל אָוועקזעצן און איינאָטעמען אַביסל פריי־שע לופט. די בענק זענען אָבער געווען באַדעקט מיטן מאָרגנטוי. די געלע בלעטער זענען קופּעסווייז געלעגן אויף דער ערד. די נאַכטיקע ווינטן האָבן זיי געמאַכט פאַלן פון די ביימער. די פּלאַסע איז געווען ליידיק פון מענטשן. די האָפערדיקע שטימונג, וואָס ער האָט געהאָט ביים פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל, האָט זיך מיטאַמאָל געענדערט. אַ יאוש־שטימונג האָט אים אַרומגענומען. ער האָט דערפילט, אַז ס׳שטיקט אים אין האַלדז. מורא האָבנדיק, אַז ער וועט ווידער צוזאַמענברעכן, האָט ער מיט נישט קיין

זיכערע טריט אָנגעהייבן גיין אָן אַ ציל, נישט וויסנדיק וווהין און צו וועמען.

און ווידער האָט ער זיך אַליין געשטעלט די פראַגע: און וואָס ווייטער?

אַ לייכט האַנט־באַרירונג און אַ שטיל אָנרופן זיין נאָמען האָט איבערגעריסן זיין טראַכטן.

„זי" איז פּלוצלינג אויסגעוואַקסן נעבן אים. ער האָט ברייט געעפנט זיינע אויגן, זי אָנגעקוקט מיט שטוינונג. ס'איז פאָרגעקומען אַזוי אומגעריכט, אַז אויפן ערשטן אויגנבליק האָט ער געמיינט, אַז דאָס זענען האַלוצינאַציעס פון זיין קראַנקער פאַנטאַזיע, וואָס חלומט פאַר אים אויס סורפּריזן. זי האָט אים אָנגענומען פעסט פאַרן אָרעם און אַזוי זענען זיי געגאַנגען עטלעכע קוואַדרעס שטילשווייגנדיק, נישט אַרויסרעדנדיק קיין איין וואָרט. ער האָט זיך געלאָזט פירן פון איר אַזוי ווי אַ קליין קינד, נישט קענענדיק באַגרייפן איר איצטיקע האַנדלונג, נאָך דעם, וואָס עס איז צווישן זיי פאָרגעקומען. ווי זאָל ער דאָס אויפנעמען אָדער אויסטייטשן? אויב זי האָט געוווּסט ווען ער פאַרלאָזט דאָס שפּיטאָל, בכדי אים אָפּצוּוואַרטן, פאַרוואָס האָט זי אים נישט באַזוכט במשך דער צייט, וואָס ער איז געווען אינטערנירט?

פאַרשיידענע פראַגן האָבן אים אָנגעהייבן צו מאַטערן. פאַרבייגייענדיק אַ קאַפע־הויז, זענען זיי אַריינגעגאַנגען און זיך אַוועקגעזעצט אייבער קעגנאיבער דעם צווייטן, קוקנדיק זיך אין די אויגן אַריין.

זי האָט אָנגעהייבן צו ריידן מיט אַ שטילער, אָבער איבערצייגנדיקער שטים:

— לייבל, — האָט זי צו אים געזאָגט — זיי וויסן, אַז מיין באַשלוס לגבי דיר איז אַ דעפיניטיווער. אָבער איך קאָן דאָך דיך נישט איבערלאָזן אַזוי, אין אַזאַ לאַגע. דאָס איז קעגן מיין געוויסן. איך טו עס מיטן פולן הסכם פון מיין איצטיקן מאַן. דאָס וואָס איך וועל דיר איצט פאָרשלאָגן, זאָלסטו נישט אָננעמען ווי פילאַנטראָפּיע. עס איז אַ ברידערלעכע פליכט צו העלפן דעם צווייטן. מיר קענען זיך פון קינדווייז. איך קען דיין שטאָלצן כאַראַקטער, אָבער דאָס פּראַקטישע דאַרף איצט נעמען די אויי־

בערהאַנט. קיינער ווי איך ווייס נישט אַזוי גוט דיין לאַגע. דאָ, אין בוע־נאָס־איירעס, האָסטו גאָרנישט וואָס אויפצוטאָן. הער זיך צו צו מיינע רייד. איך וועל זיך באַמיען, אַז דו זאָלסט אָפּפאָרן קיין ישראל. איך וועל דיר פאַרשאַפן אַלע נייטיקע געלט־מיטלען. דו ביסט נאָך אַ יונגער מענטש. אין ישראל וועסטו קאָנען קומען צו זיך. איך שאַץ אָפּ דיינע פעאיקייטן און אינטעליגענץ. איך בין זיכער, אַז זייענדיק דאָרטן אַ קורצע צייט, וועסטו ווערן אַן אַנדערער מענטש און גאַנץ מעגלעך, אַז דו וועסט זיך אויסזוכן אַ פּאַסיקע פרוי און וועסט אָנהייבן אויפסנייַ צו פירן אַ פאַ־מיליע־לעבן...

ער האָט סטאַיש אויפגענומען אירע ווערטער און מעכאַניש אויסגע־הערט אירע רייד. די צוויי קאָוועלעך, וואָס דער קעלנער האָט דערלאַנגט, זענען געשטאַנען אומבאַרירט. שוין לאַנג קאַלט געוואָרן. שוין צום צווייטן מאָל ווי ער הערט פון איר דעם זעלבן אָנבאָט אָוועקצופאָרן פון דאַנען. און ווידער טוט זי עס מיטן פולן הסכם פון איר איצטיקן מאַן. עס האָבן אים געבריט אירע ווערטער, אַזוי ווי פייערדיקע ריטער וואָלטן געשמיסן זיין לייב. ער האָט דאָך שוין געהאַט פאַרענדיקט מיט איר. עס איז שוין אָוועק אַ קנאַפּ יאָר פון דעם. דורך דער צייט האָט ער זי נישט באַלעס־טיקט. וואָס זשע באַוועגט איר אַרויסצוווייזן צו אים אַזאַ רחמנות־געפיל, וואָס איז אים אַזוי דערווידער?

ער האָט געוואָלט אָנהייבן ריידן, אויסגיסן פאַר איר זיין אָנגעוויי־טיקט האַרץ, דאָס ביטערניש, וואָס האָט זיך ביי אים אָנגעזאַמלט. ער, וואָס איז בטבע געווען אַ באַרעדעוודיקער, האָט דאָס מאָל נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט. אַלץ אין אים האָט זיך פאַרשלאָסן. ער האָט נאָר געקוקט אויף איר מיט אַזעלכע מאָדנע אויגן, וואָס צייטנווייז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי קוקן אין חלל אַריין, אָן אַ ציל...

זי האָט אויסגעטייטשט זיין שווייגן ווי אַ הסכמה צו איר פאָרשלאַג. מיט פריינטלעכע און טרייסטנדיקע ווערטער האָט זי אים איבערגעגעבן אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט, וועלכן ער האָט מעכאַניש צוגענומען. ווען זי איז אָוועקגעגאַנגען, האָט ער געעפנט דעם קאָנווערט. חוץ דעם וואָס אין אים האָט זיך געפונען אַ געוויסע סומע געלט, איז געווען אַן אָנווייזונג מיט

אַן אַדרעס, וווּ ס׳איז פֿאַר אים פֿאַראַן צוגעגרייט אַ צימער ביי אַ באַ־קאַנטער פֿאַמיליע, ווו ער וועט זיך אויפֿהאַלטן ביז ער וועט האָבן דורכגע־פֿירט די פֿאָרמאַליטעטן צו זיין אָפּפֿאָר קיין ישראל.

**
*

לייבל, אָדער לעאָן ווייגלאַס, ווי מ׳האָט אים גערופן צווישן פֿריינט, האָט אין די ערשטע טעג פֿון סעפּטעמבער 1939 פֿאַרלאָזט וואַרשע, אונ־טער אַ האָגל פֿון באָמבעס, וואָס דייטשע עראָפּלאַנען האָבן געוואָרפֿן אומ־ברחמנותדיק אויף דער פּוילישער הויפּטשטאָט. ער האָט זיך געלאָזט צו־זאַמען מיט טויזנטער וואַרשעווער איינוווינער צו מזרח. אַוועק איז ער צוזאַמען מיט זיין פֿרוי. עס איז געווען אינגאַנצן צוויי יאָר נאָך זייער חתונה. ער האָט זיך געהאַט גאַנץ פֿיין איינגעאָרדנט. געווען אַ בוכהאַל־טער אין אַ גרויס געשעפֿט פֿון דער פּאַפּיר־בראַנזשע. ער האָט געשטאַמט פֿון אַ קליין שטעטל נעבן וואַרשע; עס האָט אים געצויגן אין דער גרוי־סער שטאָט אַריין. זיינע עלטערן, אַלטע תושבים, מיט וועלכע מען האָט זיך גערעכנט, האָב זייער זון געגעבן אַ בעסערע דערציאונג. ווען ער האָט געענדיקט די האַנדלס־שול, איז געלונגען אים צו באַפֿרייען פֿון מיליטער־דינסט צוליב אַ מינדערוויכטיקן פֿיזישן פֿעלער. ער האָט באַלד חתונה געהאַט און דאָס לעבן איז געפֿלאָסן נאָרמאַל ביז צום אויסברוך פֿון דער מלחמה. דעמאָלט איז געקומען דער איבערברוך אין זיין לעבן.

אין אַ פֿינצטערער נאַכט, נאָך אויף דער פּוילישער ערד, האָט ער פֿאַרלוירן זיין פֿרוי. ער איז געפֿאָרן אין אַ צוג פֿול מיט פּליטים צו דער רוסישער גרענעץ. דער צוג איז כסדר באַשאָסן געוואָרן מיט מעטראַליעס פֿון דייטשע עראָפּלאַנען. אין אַ מאָמענט פֿון פּאַניק און קאָנפֿוזיע האָט ער זי פֿאַרלוירן פֿון אויג. פֿון דעמאָלט אָן האָט ער זי מער נישט געזען. ער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אַ פּאָר טעג אין דער אַרומיקער געגנט, אַלץ מיט דער האָפֿענונג זי צו געפֿינען. אומזיסט איז געווען זיין זוכן, אומ־זיסט איז געווען זיין וואַרטן. אַזוי ווי די ערד וואָלט זי איינגעשלונגען.

ער האָט די פֿרוי זיינע זייער ליב געהאַט. דאָס געוויסן האָט אים געפּייניקט, וואָס ער האָט געלייגט ווייניק אַכט אויף איר ביים פֿאַרלאָזן

דעם צוג. ביזן היינטיקן טאָג הערט ער ווי זי רופט אים. דער עכאָ פון דעם אויסגעשריי גייט אים נאָך די גאַנצע צייט.

אין רוסלאַנד האָט לייבל מיטגעמאַכט אַלע גרוילן, וואָס די פּליטים האָבן געהאַט אויסצושטיין, אַרבעטנדיק ביי פאַרשיידענע באַשעפטיקונגען ווי אַ שוואַרצער אַרבעטער. קיין באַשטימט פאַך האָט ער נישט געהאַט. ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין פאַרשיידענע אַרבעטס־לאַגערן, איז אויסגעשטאַנען אַלע שבעה מדורי גיהנום. געווען מאָמענטן, ווען ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער טויט וואָלט געווען דער בעסטער אויסלייזער פון זיין געמוטשעט לעבן. די צרות האָבן אים פאַרהאַרטעוועט. ער האָט סטאָאיש איבערגעטראָגן אַלץ, דערלעבט דעם שיקאַרסקי־סטאַלין־אָפּמאַך, וואָס האָט אים, ווי אַ סך אַנדערע פון זיין גלייכן, דערמעגלעכט צוריקצופאָרן קיין פּוילן. אָבער ער האָט דאָרט קיינעם, בוכשטעבלעך קיינעם, פון זיין אייגענער פאַמיליע נישט געטראָפן. וואַנדערנדיק איבערן קליינעם שטעטל, ווו ער האָט איבערגעלאָזט זיינע עלטערן, האָט ער געזען, אַז עס איז געבליבן יידנריין. אויף דעם אָרט, ווו עס איז געשטאַנען די מויער, ווו ער האָט פאַרבראַכט זיינע קינדער־יאָרן, האָבן זיך געפּאַשעט בהמות און געמעקה־גירהט. די פּוילישע שכנים האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אייבעם, וואָס איז צוריקגעקומען פון יענער וועלט. די בליקן וואָס מ'האָט אים צוגעוואָרפן, האָבן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָ איז ער אַן איבעריקער.

איז ער געפאָרן קיין וואַרשע, באַזוכט זיין פריערדיקע וווינונג, וואָס איז על פי צופאַל געבליבן גאַנץ, אָבער איז געווען באַוווינט פון אַנדערע מענטשן. דאָס איז געווען אויף דער אַרישער זייט, אין דעם קריסטלעכן קוואַרטאַל.

ערשט איצט האָט ער באַנומען זיין לאַגע: אַן עלנטער, פּשוט אַן אויסגעוואָרצלטער פון אַלץ און אַלעמען. ער האָט קיינעם נישט געקענט און קיינער האָט אים נישט געקענט. ער האָט איצט באַגריפן די זינלאָזיקייט פון זיין שטרעבונג צו בלייבן אין פּוילן.

און אַזוי וואַנדערנדיק איבער די חרובע גאַסן פון דער אַמאָליקער שיינער וואַרשע, האָט ער אין אַ טאָג זיך אָנגעטראָפן פּנים אל פּנים מיט

פראַדלען, אַ יוגנט־פריינדין פון זיין געבוירן־שטעטל. די פרייד איז געווען אין לשער. זיי האָבן זיך ביידע אַנגעקוקט, נישט גלייבנדיק זייערע אייגענע אויגן. זיי זענען געווען אַזוי עמאָציאָנירט, אַז זיי האָבן קיין איין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסברענגען. טרערן האָבן אָנגעהייבן פליסן פון זייערע אויגן. אַרומנעמענדיק זיך, האָבן זיי אָנגעהייבן איבערגעבן זיך דעם סך־הכל, וואָס היטלער האָט געמאַכט פון זייערע פאַמיליעס. זי האָט אים איבערגעגעבן, ווי דורך טויזנטער נסים איז זי געבליבן לעבן. נישט איין מאָל איז זי געשטאַנען ביים ראַנד פון טויט. זי פאַרשטייט אַליין נישט ווי אַזוי זי איז ניצול געוואָרן פון אַלע געפאַרן. אַזוי ווי ער, האָט אויך זי פאַרלוירן אַלע אירע אייגענע.

זיי האָבן אָנגעהייבן באַטראַכטן די פאָר יאָר, וואָס זיי האָבן זיך נישט געזען. די איבערלעבונגען, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט, האָבן געלייגט אַ חותם אויף זייער פיזישן אויסזען. ביידע זענען זיי געווען פון איין עלטער און פון זעלבן גראַד קולטור. ער, אַ ברונעטער מיט שיינע מענערישע געזיכט־שטריכן. הגם נאָך אַ יונגער מענטש, האָבן די שלייפן זיינע שוין געהאַט סימנים פון ווייסע האָר. זי, אַ בלאָנדע, מיט אַן אַריש פנים (אַדאַנק דעם אויסזען אירן און דעם גוטן פויליש, האָט זי זיך געראַטעוועט). פראַדל, ווען מ׳האָט גערופן פראַניאַ, האָט אים פאַרבעטן צו זיך אַהיים. עס רעדט זיך אַזוי אין איר היים. זי האָט דעמאָלט געטאָן הויז־אַרבעט ביי אַ פוילישער פאַמיליע, ביי וועמען זי האָט זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן דאָס לעצטע יאָר, איידער די רוסן זענען אַריין אין וואַרשע. די פאַמיליע האָט אַרויסגעוויזן איינזען און פאַרשטענדעניש פאַר די צוויי אייגזאַמע מענטשן.

און אַזוי האָבן זיי זיך דערנעענטערט. זיי האָבן זיך געגעבן רעכענונג, אַז זיי באַגערן זיך. עס איז נישט געווען קיין ליבע, נאָר פשוט: דער גורל האָט זיי צונויפגעפירט. אין צווייען וועט זיי זיין גרינגער, האָבן זיי געטראַכט. זיי האָבן אָנגעהייבן אויסאַרבעטן פלענער פאַר דער צוקונפט. פון בלייבן אויפן אָרט איז קיין רייד נישט געווען. זי האָט געהאַט אַ שוועסטער אין בוענאָס־איירעס, וואָס זי האָט קוים געדענקט. ווען די שוועסטער איז אַוועק פון וואַרשע, איז זי נאָך געווען אַ קליין קינד.

מען האָט זיך אָנגעהייבן דורכצושרייבן. די שוועסטער האָט אַרויסגעוויזן דעם בעסטן ווילן זי אַריבערצוברענגען קיין אַרגענטינע. עס איז געבליבן, אַז זיי זאָלן צייטווייליק פאָרן קיין פראַנקרייך און שפּעטער וועט מען זען וואָס ווייטער צו טאָן. די שוועסטער האָט זיי געשיקט די נייטיקע געלט־מיטלען. אין 1946 האָבן זיי זיך באַזעצט אין פּאַריז, מיטן געדאַנק, אַז דאָס וועט זיין אַ צייטווייליקער אויפהאַלט־פּלאַץ. און אַז ביי די ערש־טע בעסטע מעגלעכקייטן וועלן זיי אָפּפאָרן קיין אַרגענטינע.

צוויי יאָר צייט זענען זיי אָפּגעווען אין פּאַריז. ביידע האָבן געאַר־בעט, געלעבט צופרידן, זיך קעגנזייטיק געשעצט. דאָס איז געווען די בעסטע צייט אין זייער צוזאַמענלעבן.

דעם טאָג, ווען זיי האָבן געקריגן די פּאַפּירן, די אַזוי גערופענע „זשאַמאַדאָס״, איז ביי זיי געווען אַ גאַנצער יום־טוב. ענדלעך פאָרט זי צו איר שוועסטער, נאָך אַ צייט־אָפּשניט פון 18 יאָר, צו אַ שוועסטער, וואָס זי קען נאָר פון די בילדער. אירע געזיכט־שטריכן געדענקט זי, ווי אין חלום געזען.

אין 1948 זענען זיי געקומען אין בוענאָס־איירעס. די אויפנאַמע איז געווען אַ האַרציקע. מען האָט געזאָרגט, אַז זיי זאָלן זיך איינאָרדענען ביי זיך אין הויז, באַשיידן, אָבער מיט געשמאַק. די שוועסטער האָט געטאָן אַלץ וואָס ס׳איז געווען אין אירע מעגלעכקייטן, עס זאָל זיי גאָרנישט פעלן. קיין גרויסע גבירטע איז זי נישט געווען. געפירט אַ טאַזשער פון קאָרסעטן און פון פאַרשיידענע פרויען־אַרטיקלען. דער מאַן אירער, אַ גוטער פאַכמאַן, האָט געאַרבעט פאַר די גרויסע געשעפטן אין צענטער. אין די ערשטע צייטן פלעגט זי העלפן אין טאַזשער, אַרבעטנדיק צוזאַמען מיט איר מאַן, ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן. שפּעטער איז מען געקו־מען צו אַביסל אַ בעסערער עקאָנאָמישער פּאָזיציע, אָפּגעשפּאָרט אַן איי־גענע שטוב, אויסגעשטאַט מיט קאָמפאָרט, געפירט אַ באַלעבאַטיש שיין לעבן. זייערע דריי קינדער, אין יוגנטלעכן עלטער, האָבן זיך געלערנט און אַרויסגעוויזן ווילן צו שטודירן. דאָס איז געווען אַ טיפּיש יידיש־אַרגענ־טינער פאַמיליע, וואָס האָט געפירט אַ נאָרמאַל צופרידן לעבן.

אַן איבערברוך איז געקומען אין דער פאַמיליע, ווען פראַדלס שוועס־

טער איז פלוצלינג קראַנק געוואָרן. אַ שווערע קראַנקייט האָט איר צוגע־שמידט צום בעט. וויפל דער מאַן אירער האָט זיך נישט באַמיט איר צו ראַטעווען, איז עס אים נישט געלונגען. נאָך אַ פּאָר חדשיםליידן און יסורים איז זי געגאַנגען איר לעצטן וועג.

דורך דער צייט פון איר שווערסטערס שלאַפקייט האָט פראַדל אַרויס־געוויזן אומענדלעכע געטריישאַפט, נישט אַפּטרעטנדיק אויף קיין איין מינוט פון דער קראַנקערס בעט.

נאָך דער שוועסטערס טויט האָט פראַדל איבערגענומען די באַלע־באַטישקייט פון דער שטוב. די קינדער זענען שוין נישט געווען קיין קליי־נע, אָבער זיי זענען נאָך ווייט געווען פון צו קענען זיך אַליין אַטענדירן. זי איז צו זיי געווען איבערגעגעבן ווי אַ מאַמע. אויבנאויפיק האָט זיך געקאַנט אויסווייזן, אַז די צייט פאַרהיילט אַלץ. כאָטש די פאַמיליע האָט געהאַט אַזאַ גרויסן פאַרלוסט, האָט זיך די לאַגע אָנגעהייבן צו נאָרמאַ־ליזירן. לייבל איז געווען דער ערשטער צו פילן אַן ענדערונג. ווען ער איז געקומען אַהער, האָט דער שוואָגער אים צוגעצויגן צו זיין אַרבעט און זיך באַצויגן צו אים מיט אַכטונג; אַרויסגעוויזן אויפמערקזאַמקייט צו אים. עס האָט זיך אין משך פון דער קורצער צייט פאַרבונדן צווישן זיי אַ פריינטשאַפט.ביידע זענען זיי געווען אינטעליגענטע מענטשן.

לעאָנס שוואָגער איז געווען עלטער פון אים מיט אַ 15 יאָר. איינער דעם צווייטן האָט רעספּעקטירט. לעאָן האָט געוווּנען דעם צוטרוי פון זיין שוואָגער, האָט זיך אויסגעטײַגט און נישט איין מאָל איז ער געלויבט געוואָרן פון אים. דאָ, מיטאַמאָל, זענען די באַציאונגען געוואָרן אָנגע־שטרענגטער, קעלטער. ער האָט געליטן און געשוויגן. אַז ער פלעגט זיך אַמאָל אויסרעדן פאַר פראַדלען, אַז ס'איז אוממעגלעך אויסצוהאַלטן, אַז דער שוואָגער ברענט אים ממש די טריט, פלעגט זי אים ענטפערן, אַז דאָס נעמט זיך ביי אים דערפון, וואָס ער האָט פאַרלוירן די פרוי און עס האָט זיך דעריבער ביי אים געביטן דער כאַראַקטער. זי האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל האָבן געדולד און טאָלעראַנץ. די צייט וועט אַלץ אויסהיילן.

אָבער די צייט, נישט נאָר האָט זי נישט פאַרהיילט, נאָר זי האָט נאָך פאַרערגערט זיינע ליידן; ער האָט אָנגעהייבן באַמערקן מאָדנע זאַכן

אין פראַדלס אויפפירונג. זי איז געוואָרן צו אים גלייכגילטיק; זי פלעגט אויסמיידן צו רעדן מיט אים. פלוצים האָט זי אָנגעהייבן צו טראָגן די מלבושים, די קליידער און צירונג, פון דער פאַרשטאָרבענער שוועסטער. ער האָט זיך אָנגעהייבן צו פילן נישט באַקוועם אין שטוב און וואָס אַמאָל איז געוואָרן ערגער.

ביז אין אַ טאָג איז ער צוגעשטאַנען צו פראַדלען און געפאָדערט ביי איר, זי זאָל אויפקלערן איר האַנדלונג. אַזוי, אין אַזאַ אַטמאָספער, איז אים אוממעגלעך צו אָטעמען די לופט. מער קאָן ער נישט אויסהאַלטן.

האָט זי אים דרייסט און אַנטשלאָסן געזאָגט, גלייך אין די אויגן אַריין, אַז אין דער שטוב איז ער אַן „איבעריקער", אַז ער דאַרף אַליין פאַרשטיין און אָפּטרעטן מיטן גוטן ווילן. עס איז צווישן זיי קיינמאָל נישט געווען קיין ליבע; זייער צוזאַמענלעבן איז געווען מער אַ צופעליקער ווי אַן אויסגערעכנטער...

זי האָט זיך געגעבן רעכענונג, אַז זי איז געווען צו שאַרף, אַז זי האָט אים ווי געטאָן. האָט זי אים געזאָגט, אַז דאָך שעצט זי אים, אַז ער איז נאָך פאַרט אַ יונגער מענטש, אַז ער קאָן זיך נאָך אָפּזוכן אַ פּאַסיקע פרוי און פירן אַ פאַמיליע־לעבן. זי וויל אָבער, ער זאָל נישט שטערן איר גליק. דער שוואָגער וועט אַליין נישט בלייבן. ער וועט זיך געוויס אָפּזוכן אַ פרוי און ווידער חתונה האָבן. אָבער זי וויל נישט, אַז אַ פרעמדע פרוי זאָל דאָ קומען באַלעבאַטעווען, ירשענען איר שוועסטערס פאַרמעגן. זי וויל בכלל אויסמיידן, אַז די קינדער, וואָס זי באַטראַכט ווי איי־גענע, זאָלן באַקומען אַ שטיפמאַמע. דאָס וועט זי נישט דערלאָזן.

די אַרגומענטן זענען געווען אייגער שטאַרקער פון צווייטן. לעאָן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. די ווערטער, וואָס ער האָט געהערט פון איר, זענען געווען גענוג איבערצייגנדיק. אמת, ער האָט צו דער פרוי, וואָס איז געווען זייער שיין, קיין ליבע נישט געפילט, אָבער ער האָט זי זייער שטאַרק געשעצט און אין די עטלעכע יאָר האָט ער זיך צו איר צוגעוווינט. זי האָט פאַרמאָגט אַ געוויסן גראַד אינטעליגענץ און אַ סך איבערגעלעבט. ער האָט זיך געפילט גוט אין איר געזעלשאַפט.

אין דעם מאָמענט האָט ער זיך געפילט זייער שפּלדיק. ער האָט גע־

קענט איר פעסטן כאַראַקטער און פאַרשטאַנען, אַז דאָס אַלץ, וואָס ער האָט איצט פון איר געהערט, איז נישט געבוירן געוואָרן אין דעם מאָ־מענט. דער פּלאַן איז פון פריער צוגעגרייט געוואָרן. ערשט איצט איז אים געוואָרן קלאָר די שלעכטע באַהאַנדלונג, וואָס ער האָט אין די לעצטע צייטן באַקומען פון זיין שוואָגער.

טרערן האָבן אָנגעהייבן פליסן פון זיינע אויגן. אין האַלדז האָט אים אָנגעהייבן צו שטיקן. אויף אַזאַ מין קלאַפּ האָט ער זיך נישט געריכט.

פון דער נאַטור איז ער געווען אַן איידעלער און ער האָט גוט פאַר־שטאַנען, אַז דאָס, וואָס קומט נישט פון גוטן ווילן, קאָן מען נישט נע־מען מיט בייזן. אין דעם מאָמענט האָט ער דערהערט דעם עכאָ פון זיין ערשטער פרוי, ווי זי רופט אים ביים נאָמען אין דער קריטישער נאַכט, ווען ער האָט זי פאַרלוירן פון אויג, בעת דעם פאַרלאָזן דעם צוג, וואָס איז באַשאָסן געוואָרן פון דייטשע מעטראַליען. ער איז פסיכיש צוזאַמענ־געבראָכן. אָן אויסצורעדן אַ וואָרט און קוקנדיק מיט אַ מאַדנעם גלאַנץ אין די אויגן אויף די אַרומיקע, האָט ער פאַרלאָזט די וווינונג.

פון דעם טאָג אָן האָט לעאָן ווייגלאָס זיך אינגאַנצן געענדערט. ער האָט פאַרלוירן דעם גלויבן אין מענטשן, אין דעם זין פון לעבן. ער האָט זיך אַריבערגעצויגן אין אַ האָטעל, וווּהין ער פלעגט נאָר קומען איבער־נעכטיקן. גאַנצע טעג פלעגט ער אַרומגיין איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן, ציללאָז וואַנדערן. אַ מרה־שחורה איז אים באַפאַלן. פאַרשלאָסן אין זיך, פלעגט ער מיט קיינעם זיך נישט אָפּגעבן. ער האָט אָנגעווירן דעם צוטרוי צו דעם מענטש.

***

די ערשטע נערוון־אַטאַקע האָט ער באַקומען אין האָטעל גופא. דער האָטעל־אייגנטימער, אַ מענטש מיט געפיל און פאַרשטענדעניש, האָט אַרויסגעוויזן צו אים מיטלייד, געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך אים צו באַרו־איקן, נישט געקוקט אויף די פּראָטעסטן פון די שכנים, און נישט גע־מאָלדן דער פּאָליציי וועגן דעם. אָבער מער האָט ער אים נישט אַריינגע־לאָזט אין האָטעל. און אַזוי האָט זיך אָנגעהייבן די טרויעריקע אָדיסייע

פון אונדזער העלד, וואָס האָט וואָס אַמאָל טיפער געזונקען. ווי ער האָט געטאָגט, האָט ער נישט געגעכטיקט. באַוואַקסן און מיט נישט קיין לייטישן אויסזען פלעגט ער קומען אין יידישן געגנט. מענטשן האָבן זיך געגעבן רעכענונג, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ קרבן פון דער צייט. מען האָט זיך אָנגעהייבן מיט אים צו פאַראינטערעסירן. אַ סך האָבן אים געקענט און געוווּסט וועגן זיין איבערלעבונג, אָבער קיינער פון די אַלע באַקאַנטע האָט אים ביי זיך אין שטוב נישט געוואָלט האָבן.

ער איז געוואָרן אַ נע־ונדניק אין בוענאָס־איירעס, אַן איינוווינער פון די ביליקע האָטעלן. ער האָט אָנגעהייבן צו רעדן צו זיך אַליין אויפן הויכן קול. זיינע אויגן האָבן באַקומען אַזאַ מאָדנעם פיבערדיקן גלאַנץ, וואָס האָט מאָמענטנווייז געשראָקן. אָבער דאָס זענען געווען פאַרבייגייענדיקע מאָמענטן. די גרעסטע טייל פון טאָג איז ער געווען רואיק.

דאָס בילד פון דער ערשטער פרוי האָט אים אָנגעהייבן נאָכצוגיין אויף שריט און טריט. ער האָט זיך איינגערעדט, אַז זי דאַרף זיך געפינען דאָ נאָענט פון אים. אַזוי שעפּטשענדיק און אָנרופנדיק זי שטילערהייט, פלעגט ער וואַנדערן איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן, איינקוקן זיך אין אַלע פרויען, וואָס ער פלעגט אַנטרעפן... נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, מיט געשפּאַנטע און אָנגעשטרענגטע נערוון, האָט ער אין אַ פרימאָרגן באַמערקט אַ פרוי גיין אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר. זי איז געווען זייער ענלעך צו זיין ערשטער פרוי. מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס און מיט אַן איבערמענטשלעכן אויסגעשריי — אסתרקע! — האָט ער זיך געלאָזט צו דער פרוי... אַן איבעראַשטע און דערשראָקענע איז די פרוי אַריינגעלאָפן אין ערשטן בעסטן טויער, זיך אויסבאַהאַלטן מיט שרעק פאַר דעם ווילד־פרעמדן מענטשן. מער האָבן זיינע נערוון נישט אויסגעהאַלטן. ער איז צונזאַמענגעבראָכן, אַוועקגעפאַלן אין חלשות. די האַלוצינאַציעס, דאָס איינרעדעניש, די אָנגעשרויפטקייט האָבן אים דערפירט צו אַ צושטאַנד פון משוגעת...

פאַרבייגייענדיקע מענטשן האָבן זיך באַמיט אים צו דערמונטערן. עס איז אָנגעקומען אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט אַרויסגערופן די גיכע הילף און ער איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל אויף קוראַציע.

**
*

במשך דער צייט, וואָס לעאָן ווייגלאָס איז געווען אינטערנירט אין שפּיטאָל, האָט זיך פראַדל באַמיט צו לינדערן זיין פאַרצווייפלטע לאַגע. אויפן צווייטן טאָג איז איר געמאָלדן געוואָרן וועגן זיין אויפהאַלט אין שפּיטאָל. עס איז איר אויך רעקאָמענדירט געוואָרן זיך נישט צו ווייזן פאַר אים, כדי נישט אויפצורייצן זיין געמיט.

זי האָט אַ סך געליטן און מיטגעפילט דעם אָרעמען לייבלען. דאָס געוויסן האָט איר געפּייניקט. זי האָט זיך געפילט שולדיק לגבי אים. אָבער קיין צוריקוועג איז שוין נישט געווען. אַזוי איבערלאָזן אים אין דער לאַגע האָט זי ביי זיך אויך נישט געקאָנט פועלן. די דאָקטוירים אין שפּיטאָל האָבן איר געגעבן האָפענונג פאַר אַ שנעלער בעסערונג און מעג־לעך, מיט דער צייט, אַ ראַדיקאַלע אויסהיילונג. זיי האָבן איר געראַטן, אַז דאָס בעסטע אין דעם פאַל וואָלט געווען, אַז זי זאָל זיך באַמיען צו פועלן ביי אים, ער זאָל אַוועקפאָרן פון דאַנען אין אַן אַנדער געגנט.

יענעם פרימאָרגן, ווען לעאָן האָט פאַרלאָזט דאָס שפּיטאָל, האָט זי אים אָפּגעוואַרט מיט אַ פאַרטיקן פּלאַן. אויפן מאָמענט האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז עס גייט אויף אַ גוטן וועג. ער האָט איר רואיק אויסגעהערט. מעכאַניש צוגענומען ביי איר דעם קאָנווערט. אַחוץ געלט, איז דאָרט געווען אָנגעוויזן אַן אַדרעס, ווו ער זאָל זיך אויפהאַלטן אַ געוויסע צייט. אָבער דאָס פּלוצימדיקע באַווייזן זיך פון פראַדלען, ווי אויך איר שנעלער אַוועקגיין, האָט אויף אים אָנגעהייבן צו ווירקן. עס האָט פאַר אים ווידער אויפגעטויכט אין דמיון דאָס אַלץ וואָס ער האָט איבערגעלעבט במשך די לעצטע פאַר יאָר. אַ נעפּל, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף די גאַסן. פאַר די אויגן האָבן אָנגעהייבן אַרויסשווימען שטי־קער פון זיין לעבן, געשטאַלטן, פּנימער פון אייגענע און נאָענטע... אָבער פּלוצלינג האָט ער דורכן פענצטער געזען זיין אסתרן, זיין קיינמאָל נישט פאַרגעסענע פרוי... ניין, דאָס מאָל מאַכט ער נישט קיין טעות, דאָס איז זי... אָבער וואָס גייט זי געאָרעמט מיט אַ צווייטן מאַן?... זי מוז אים געוויס באַטראַכטן פאַר אַ געשטאָרבענעם! יאָ, יאָ... וואָס פאַר אַן אָנגע־נעמע איבערראַשונג עס וועט זיין פאַר איר, ווען זי וועט אים דערזען...

אין איין אָטעם איז ער אַרויס פון קאָפּע־הויז, גאַכלויפנדיק די צוויי אומבאַקאַנטע מענטשן און שרייענדיק מיט אַ נישט־מענטשלעכן קול: — „אסתר! אסתר!"... — די צוויי מענטשן האָבן זיך אויף אַ ווייל אָפּגע־שטעלט, אָנשטעלנדיק זייערע אויגן אויף אים.

געבנדיק זיך רעכענונג מיט וועמען זיי האָבן צו טאָן, האָבן זיי מיט אַ שטים, וואָס האָט אויסגעדריקט מיטלייד, אים געזאָגט, ער זאָל זיך באַרויִקן, אַז ער מאַכט אַ טעות. זיי האָבן אים אָנגענומען ביי אַ האַנט און אים אַוועקגעזעצט אויף אַ טרעפּל ביי אַ טויער. עס האָבן זיך אָנגעזע־הייבן גרופּירן מענטשן און איינער פון זיי האָט זיך אָנגערופן: „מיר זענען אינגאַנצן דריי קוואַדרעס פון אַ שפּיטאָל. טאָ פאַרוואָס אים נישט צו־פירן? דאָרט וועט מען אים געבן די ערשטע הילף...

דער זעלביקער דיזשורנער דאָקטאָר, וואָס האָט אים מיט צוויי שעה פריער אויסגעשריבן, האָט אים אויפגענומען. ביים באַטראַכטן אים, איז אַרויסגעפאַלן ביי אים דער קאָנווערט פון די הענט. דאָס געלט האָט זיך צעשיט אויפן פּאָל, צוזאַמען מיט דעם אַדרעס, וואָס פראַדל האָט אים געגעבן.

פאַר לעאָן ווײַנגלאָס, אַ קרבן פון דער צייט, זענען די אַלע זאַכן גע־וואָרן איבעריק, נוצלאָז. זיין גורל איז שוין געווען אַ געחתמעטער.

# דודל

ווען דודל, אָפּזיצענדיק די ערשטע פינף יאָר צייט אין אַרגענטינע, האָט זיך געדאַרפט נעמען צו אַמבולאַנטעריי, איז עס פאַר אים געווען אַ טראַגעדיע. כאָטש ער האָט געשטאַמט פון עלטערן קליינהענדלער, פון אַמאָליקן וואַרשע, האָט ער עס פיינט געהאַט בתכלית השנאה.

אַ יונגערמאַן אַ בעל־חלומות, אַ גאָט־זוכער, איז ער אין לויף פון די יאָרן געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז גאָט איז אין יעדן קעגנשטאַנד וואָס לעבט און אָטעמט, כאָטש אַ סך מענטשן רופן עס נאַטור. דערצויגן אין אַ טראַדיציאָנעלער יידישער שטוב, ביי זייער אַ רעליגיעזן פאָטער, איז ער אָבער אין זיין פאָטערס דרכים נישט געגאַנגען, וואָס דערמיט האָט ער אים פאַרשאַפט אַ סך עגמת נפש.

ווען דודל איז געוואָרן אַ רייפער בחור, האָט ער זיך אָריענטירט אויף אַ באַוועגונג און שפּעטער זיך אָנגעשלאָסן אין דער זעלבער, וואָס האָט געפּריידיקט יושר, פרייהייט, סאָציאַלן ווויליזיין פאַר אַלע מענטשן און באַפרייאונג פאַר אַלע פאַרשקלאַפטע פעלקער, בתוכם די יידן.

אַלס פערצן־יאָריק יינגל איז ער אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ גרויס אייזן־געשעפט אין וואַרשע, ביי די פּריוועסעס, איינע פון די אָנגעזעענס־טע רייכסטע פאַמיליעס. אָט די סביבה, ווו ער האָט זיך אויסגעלעבט, האָט געלייגט אַ געוויסן חותם אויף זיין ווייטערדיקן גאַנג אין לעבן.

געקומען קיין אַרגענטינע מיט אַ קליינעם קולטור־באַגאַזש, אין די פריע צוואַנציקער יאָרן, כמעט נאָך אַ יינגל, שוין אַ פאַמיליע־פאָטער פון דריי קינדער, האָט ער געשטרעבט צו מאַכן אַ לעבן פון אַרבעט און זיין אַ פּראָדוקטיווער מענטש. ער האָט געאַרבעט אין אַ מעטאַל־פאַבריק צו־ערשט אַלס געווייגלכער אַרבעטער, שפּעטער אויסגעלערנט זיך אַ מלאכה, שוין אָנגעהויבן פאַרדינען אויף צו מאַכן אַ באַשיידן לעבן. בייטאָג געאַר־

בעט, ביינאַכט באַזוכט ביבליאָטעקן, נישט דורכגעלאָזט קיין רעפעראַט, פאַרלעזונג, געגריבלט זיך אין ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן. געפירט שמועסן מיט חברים, באַקאַנטע און צופעליקע מענטשן אויף טעמעס ליטעראַרישע, געזעלשאַפטלעכע און טאָג־פּאַסירונגען, רק זיך געוואָלט לערנען, הערן מיינונגען פון אַנדערע.

אָבער דער גורל האָט געוואָלט, אַז דודל זאָל צוריקגיין צום שורש. אַן אַרבעטס־אַקצידענט האָט אים געמאַכט אומפעאיק אויף אַ לענגערער צייט צו אַרבעטן. די אומשטענדן האָבן אים געצוואונגען זיך צו נעמען צו אַמבולאַנטעריי. אין בוענאָס־איירעס האָט דאָס לעבן מיט זיין רויער ווירקלעכקייט געפאָדערט פון אים, אַז ער זאָל ווערן פּראַקטיש. די לאַנדשפּראַך האָט ער שוין געקענט. ווייזט אויס, אַז דעם גאַסן־האַנדל האָט ער געהאַט אין זיין בלוט, אַ ירושה פון זיינע עלטערן.

נישט אַזוי לייכט איז דודלען אָנגעקומען אַריינצופּאַסן זיך צו זיין נייער לאַגע. באַהאַנגען ווי אַ גענעראַל, מיט קראַוואַטן, פּאַסקעס, זאָקן און וואָס נישט — האָט ער אויסגעמיטן באַקאַנטע און פריינד, באַגראָבן זיך פאַר חרפּה, ווען ער האָט זיך געטראָפן אין גאַס מיט אַן אייגענעם. די ערשטע צייטן אַ סך געליטן פון פאַרשיידענע מענטשן, אויסגעשטאַנען אַ סך באַליידיקונגען, חוזק און שפּאָט, אָבער אויך אָנגעטראָפן אויף איידעלע און פיינע מענטשן, וואָס ס׳איז געווען אַ פאַרגעניגן מיט זיי צו שמועסן. געווען מאָמענטן, ווען דודל האָט געוואָלט אויפגעבן דעם גאַסן־האַנדל, אָבער דער באַגער, אַז זיין פאַמיליע זאָל גאָרנישט פעלן, האָט גובר געווען זיין אייגנליבע און שטאָלץ. די צייט האָט דאָס איבעריקע געטאָן און ער האָט זיך ווי עס איז אַריינגעפּאַסט אין זיין נייער לאַגע.

**
*

אין אַ טאָג, וואַנדערנדיק איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן מיט זיין פאַרשיידנאַרטיקער קראָם, אָנבאַטנדיק זיין סחורה, לויבנדיק איר קוואַליטעט און מעסיקע פּרייזן, האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט אַ מענטשן פון בעסערן אויסזען, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אינטערעס צו קויפן עפּעס. אויסטוישנדיק מיט דעם זעלביקן מענטש אַ פּאָר העפלעכע ווערטער, ווען

נאַציאָנאַליטעט, רעליגיע און אריבערגייענדיק צו אַן אַלגעמיינעם שמועס, האָט דער מענטש זיך אַרויסגעוויזן אַלס זעלטענער מיטשמועסער. פאַר דודלען האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אַלס שפּאַניער פון געבורט, מיט אַ סך יאָרן רעזידענץ אין אַרגענטינע. אויף דודלס אַנפראַגע, אין וועלכער שטאָט פון שפּאַניע ער איז געבוירן, האָט ער אים געזאָגט, אַז אין קאָרדאָבאַ. אין יענער צייט האָט זיך די יידישע וועלט געגרייט צו פייערן דעם 800־יעריקן געבוירנטאָג פונעם רמב״ם, וואָס איז געבוירן אין דער זעלביקער שטאָט. וועגן אָט דער געשעעניש האָט זיך אַנטוויקלט אַ שמועס צווישן זיי. דודל האָט אים אויפגעקלערט די באַדייטונג, די חשיבות און גוטער נאָמען וואָס דער רמב״ם האָט איבערגעלאָזט ביי יידן, די ספרים וואָס ער האָט געשריבן אין אַראַביש, ווי העברעיש און אַז דער רמב״ם איז אַריין אין דער יידישער היסטאָריע אַלס איינער פון די גרעסטע מענטשן, מיט דער באַצייכענונג פון „משה ממשה לא קם כמשה״... איבערגייענדיק אויף אַן אַנדערן שמועס וועגן שפּאַנישע צייט־פערזענלעכקייטן, וועגן שריי־בער, ביכער, ליטעראַטור אין אַלגעמיין, האָט דודל אָנגערופן העלדן פון שפּאַנישע נאָוועלן און דראַמעס.

דער מענטש האָט אָנגעהייבן קוקן מיט אַנדערע אויגן אויף דודלען און געמאַכט אים אַ קאָמפּלימענט. אַלס פאָרמאַצעווט האָט ער צווישן זיינע קליענטן יידן, ווי אויך איינציקע פערזענלעכע פריינד.

אָבער אין דעם פאַל איז ער אַביסל איבעררעאשט. דאָ שטייט פאַר אים אַ גאַסנהענדלער, באַשיידן אָנגעטאָן און אָריענטירט זיך אין אַזעלכע פּראָבלעמען. לויט זיין מיינונג, ביי אַנדערע פעלקער, וואָלט אַזאַ מענטש פאַרנומען אַ פּאָזיציע אין אַלגעמיינעם לעבן, אַלענפאַלס קיין קראַוואַטן־פאַרקויפער וואָלט ער געוויס נישט געווען.

דודל האָט אויפגעקלערט דעם מענטשן, אַז ביי יידן נעמט די באַ־שעפטיקונג נישט צו די חשיבות ביי קיינעם, און אַז צוליב פּרנסה מעג מען אַפילו אָפּשינדן אַ נבלה אין מיטן גאַס.

ווייזט אויס, אַז דודל האָט נושא־חן געווען ביים זעלביקן מענטש, וואָס האָט אים איינגעלאַדן אין זיין פּריוואַטער וווינונג. צו דער אָפּגע־רעדטער צייט איז דודל געקומען. נאָך אַ העפלעכער אויפנאַמע, איז אַ

זעלטענעם שמועס, האָט דער מענטש איבערגעגעבן, אַז כאָטש אַ געבוי־רענער קריסט, ווייסט ער אָבער גענוי, אַז ער שטאַמט אָפּ פון מאַראַנען. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט בילדונג, וואָס האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין זיינע קרייזן. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ שמועס צווישן די צוויי מענטשן וועגן די אינקוויזיציע־צייטן און גירוש שפּאַניע, וועגן רדיפות, נגישות אויף יידן אין אַלע צייטן און ביי אַלע פעלקער. דער מענטש האָט פאַרמאָגט אַ רייכע ביבליאָטעק, ווו עס האָבן נישט געפעלט קיין ביכער וועגן יידישער טעמאַטיק אויף שפּאַניש און פראַנצויזיש.

צווישן די קוריאָזע זאַכן וואָס דער מענטש האָט אים געוויזן איז געווען אַ מעטריקע, געשריבן אויף אַראַביש, פון דער שטאָט קאָרדאָבאָ, פון זיינס אַן עלטער־זיידן.



אַ צייט לאַנג פון יאָרן האָט אָנגעהאַלטן די פריינטשאַפט צווישן די צוויי מענטשן, וואָס פלעגן זיך קעגנזייטיק באַזוכן, כאָטש די עלטער איז געווען באַדייטנדיק צווישן זיי, דער סאָציאַלער מצב איז געווען פון גרויס אונטערשייד. עס האָט דעם מענטש אַממייסטן פאַראינטערעסירט ווי עס שפּיגלט זיך אָפּ אין דער יידישער ליטעראַטור די אינקוויזיציע־צייט. דודל פלעגט אים ברענגען ביכער פון דער טעמאַטיק און פלעגט אים מינדלעך איבערזעצן אויף שפּאַניש. שעהנווייז פלעגן זיי דיסקוטירן וועגן יידישע פּראָבלעמען. סיי רעליגיעזע, וועלטלעכע און אַלגעמיינע לאָקאַלע. עס פלעגט דעם מענטשן אינטערעסירן אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט יידישקייט. נישט איין מאָל פלעגט ער זיך פאַרטרויען פאַר דודלען, אַז די יידישקייט ליגט אים אין בלוט, אַז ער פאַרהערלעכט די יידישע פאַרגאַנגענהייט, גלייבט אין איר צוקונפט, שאַצט אָפּ די גרויסע וויסנשאַפט־מענער וואָס יידן האָבן אַרויסגעגעבן אין אַלע צייטן און אין אַלע דורות.

דאָס לעצטע מאָל, ווען דודל האָט זיך געזען מיט דעם מענטשן איז געווען באַלד נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל. דער געשפּרעך פון די צוויי מענטשן איז געווען וועגן דער טראַנסצעדענטאַלער געשעע־

גיש. דער פאַקט וואָס יידן האָבן אַן אייגן לאַנד און זענען מיט פעלקער גלייך, האָבן דעם מענטש אַריינגעבראַכט ממש אין עקסטאַז. ער האָט געזעדט דערפון מיט אַזאַ באַגייסטערונג און עמאָציע, אַ זעלטנקייט צו הערן פון אַ קריסט.

די בוענאָס־איירעסער יידישע גאַס האָט דעמאָלט געיובלט און געפייערט מיט מאַניפעסטאַציעס די געשעעניש. שוין אַן עלטערער מענטש, וואָס ס׳איז אים אָנגעקומען שווער דאָס גיין, האָט דודל געמוזט באַגלייטן צו אַ פייערונג דעם מענטשן. די ווערטער וואָס דודל האָט געהערט פון דעם מענטשן, זענען אים איינגעקריצט געוואָרן אין זכרון: ער דאַנקט דער השגחה וואָס ער האָט דערלעבט די צייט.

דודל האָט זיך איינגעקוקט אין זיינע מידע און אויסגעלאָשענע אויגן און געזען אין זיי אַ מיסטיש פייערל און ס׳איז אים קלאָר געוואָרן וואָס ער האָט אַמאָל מיט יאָרן צוריק געלייענט ביי דר. ציגבערג, „די געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן״, און שפּעטער עס געהערט פון דר. יעקב שאַצקי, אין זיינע רעפעראַטן בעת זיין ווײַלן אין בוענאָס־איירעס, אַז דריי מאָל ווערט נוצלאָז באַנוצט וואַסער: וואַסער וואָס מען גיסט אין ים אַריין, וואַסער וואָס מען גיסט אין וויין אַריין און וואַסער וואָס מען באַנוצט ביים שמדן אַ ייד...

אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער מענטש געגאַנגען זיין לעצטן וועג. אָבער דודל קאָן דעם מענטש נישט פאַרגעסן, טרויערט נאָך אים, ווי נאָך אַן אייגענעם, באַזוכט פון צייט צו צייט זיין קבר אויף דעם אַלגעמיינעם צמענטאַר אין טשאַקאַריטאַ.

# די לעצטע געסט

ער איז געווען איינער פון די לעצטע געסט, וואָס האָבן פאַרלאָזט דעם חתונה־זאַל. די מוזיקאַנטן האָבן שוין אָנגעהייבן איינפּאַקן זייערע אינסטרומענטן. די מחותנים זענען געזעסן ביי אַ טישל אין אַ ווינקל מיט דעם אונטערנעמער, געשמועסט, קאָמענטירט און געלויבט די אָרדענונג, וואָס די וועטשערע איז געווען איינגעאָרדנט מיט געשמאַק און וואָס די געסט זענען אַוועק צופרידענע.

ער איז, נאָך אַן איבעררייס פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר, צום צווייטן מאָל דאָ אין בוענאָס־איירעס. אין פאַרלויף פון די דריי יאָר, וואָס ער געפינט זיך דאָ — צום ערשטן מאָל אויף אַ חתונה. דער מחותן פון כלהס צד, אַ גוטער פריינד נאָך פון וואַרשע, האָט אים פאַרבעטן. שוין אַ סך יאָרן נישט געווען אויף אַזאַ שמחה. אַלץ איז געווען מיט פאַרנעם. די מחותנים, רייכע מענטשן, האָבן נישט געקאַרגט קיין געלט, אַז די חתונה זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט דער פּאָזיציע וואָס זיי פאַרנעמען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ער האָט ביי זיך געטראַכט, ווי אַלץ האָט זיך געענדערט דורך דער צייט, וואָס ער האָט געפעלט פון דאַנען. אַזאַ רחבות אין געלט, אַזאַ פאַר־שווענדערישקייט, נישט צו פאַרגלייכן מיט אַמאָל. ער האָט זיך געזעגנט מיט די מחותנים און באַקאַנטע, אַרויסגענומען פון גאַרדעראָב דעם מאַנטל און דעם הוט און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. נישט ווייט פון דער טיר איז געשטאַנען אַ קעלנער. עס איז אויך געזעסן אויף אַ שטול אַ פרוי, וואָס האָט אָפּגעוואַרט די געסט צו קריגן טרינק־געלט. אַ זאַך, וואָס פּראַק־טיצירט זיך אויף אַלע שמחות. זיין בליק איז געפאַלן אויף דער פרוי, אין דעם מאָמענט ווען ער האָט איר געגעבן דאָס טרינק־געלט.

איז דאָס אַ חלום, אָדער גלאַט האַלוצינאַציעס, צוליבן אויפזיין אַ

גאַנצע נאַכט און כאַפּן אַן איבעריקן טרונק? דאָס איז דאָך מרים, זיין געוועזענע פרוי... ער האָט געפילט, אַז דאָס האַרץ קלאַפּט ביי אים שטאַר־קער ווי שטענדיק. דאָס בלוט איז אים געקומען אין די שלייפן. פון אי־בעררראַשונג איז ער ווי געפּלעפּט געוואָרן. ער האָט קיין טריט נישט גע־קאָנט מאַכן. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, אָבער די פרוי האָט די אויגן אַראָפּגעלאָזט. זי האָט אים נישט דערקענט. פון מידקייט, פון דעם שווערן טאָג אַרבעט אין דער קיך, איז זי איינפאַך געזעסן און געדרימלט. דער אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז ער זאָל דאָ אין סאַלאָן זיך נישט מאַכן דערקענען. ער האָט זיך געשעמט פאַר דעם מחותן, דעם פריינד זיינעם, וואָס האָט געוווסט פון זיין איבערלעבונג מיט דער פרוי.

אינדרויסן האָט אים אַ קאַלטער ווינט אויפגענומען. ס'איז שוין גע־ווען אין די פאַרטאָג־שעהן פון חודש יולי. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין פּראָפיל, אָנגעהייבן באַטראַכטן זי, ווי פאַרעלטערט זי איז געוואָרן, אָבער דאָך גענוג שיין פאַר דער עלטער וואָס זי האָט. פון דרויסן האָט ער באַמערקט, ווי די מחותנים און אויך די לעצטע געסט גרייטן זיך צו פאַרלאָזן דעם זאַל, ווי יעדער איינער פון זיי לאָזן איבער טרינק־געלט מרימען.

אַ צווייפאַכיק געפיל האָט אים אין דעם מאָמענט באַהערשט: נקמה און מיטלייד. די פרוי האָט אים מיט אַ סך יאָרן צוריק אויסגעשטעלט צום חוזק און שפּאָט, אַן שום איינזען אים אָוועקגעוואָרפן, ווי אַן אָפּגע־נוצטע שמאַטע. אָבער דאָס פאַרגעפיל פון מיטלייד האָט גענומען די איבערהאַנט, ווען ער האָט געזען, ווי מענטשן לייגן אין איר האַנט אַריין טרינק־געלט. טרערן האָבן אים אָנגעהייבן שטיקן אין האַלדז. ער האָט גע־האַט איצט איין פאַרלאַנג: זי זאָל וואָס גיכער פאַרלאָזן דעם זאַל. ער האָט נישט געקאָנט צוקוקן צו וואָס פאַר אַ שטופּע זי איז געקומען. די מינוטן זענען איצט געווען אייביקייטן. ער האָט זיך אָבער דערוואַרט. זי איז אַרויסגעקומען פון זאַל מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם. נישט דערוואַרט אַזאַ סורפּריז, צו זיין אַ גאַנצן אָוונט אונטער איין דאַך מיט דעם מענטשן, וואָס איז מיט יאָרן צוריק געווען איר מאַן און וועמען זי האָט אַזוי גרוי־זאַם און אוממענטשלעך באַהאַנדלט. איצט, באַגעגענענדיק זיך פּנים אל

פּנים, האָבן זיי ביים אָנהייב נישט געקאָנט אויסרעדן אַ וואָרט. די עמאָ־ציאָנעלע באַגעגעניש פון צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך 26 יאָר נישט געזען און נישט געוווסט איינער פון צווייטן, און באַגעגענען זיך אין די פּאַרטאָג־שעהן אויף אַ בוענאָס־איירעסער גאַס, ווו עס האָט געהערשט אַ טויט־שטילקייט, האָבן די צוויי מענטשן זיך צעוויינט...

— מיין זישעו!

— מיין מרים!

און אַזוי זענען זיי אָפּגעגאַנגען אַ שפּאַר ביסל קוואַדרעס.

די פּרימאָרגן־קעלט האָט זיך געלאָזט פילן. זיי זענען אַריין אין אַ קאַפע, וואָס מען האָט נאָר־וואָס געהאט געעפנט. זיי האָבן זיך אַוועקגע־זעצט איינער אַנטקעגן דעם צווייטן. זייערע בליקן האָבן זיך איצט באַ־געגנט אין דער שיין פון פּרימאָרגן־אויפגאַנג. זיי האָבן זיך שטום אָנ־געקוקט. נישט געוווסט ווי אַזוי אָנצוהייבן צו ריידן.

דורך דער צייט האָבן זיי ביידע אַזוי פיל דורכגעמאַכט ליידן, פּיין, צרות, עגמת־נפש! איצט האָט דער בלינדער צופאַל אָדער גורל זיי ביידע נאָכאַמאָל צונויפגעפירט. איינער פון צווייטן האָט געוואָלט פון די אויגן אַרויסלייענען, צי זיי זענען פאַרבונדן פאַמיליאַר מיט אַנדערע מענטשן. די ערשטע האָט מרים געוואָגט צו פרעגן.

— זישעו, ביסט אַליין, צי מיט אַ פרוי?

— אַליין, אָבער מיט צוויי קינדער, דערוואַקסענע — האָט ער גע־ענטפערט מיט אַ טיפן זיפץ.

— און דו, מרים?

— אַליין, אַליין, מיין טייערער...

זיי האָבן זיך די הענט געגעבן, ווי אַ צייכן, אַז זיי האָבן אונטער־באַוווסטזיניק זייער גורל ווידער פאַרבונדן.

זי האָט געוואָלט זיך פאַרענטפערן פאַר אים, אָבער ער האָט איר נישט געלאָזט ריידן.

— איך בין דיר מוחל פאַר אַלע בזיונות, וואָס דו האָסט מיר פאַר־שאַפט. לאָמיר אָנהייבן פון ס'ניי, כאָטש אַ ביסל שוין צו שפּעט, אַ פאַ־מיליע־לעבן צו פירן.



זישע מאַסטאָווער איז געקומען קיין אַרגענטינע צוזאַמען מיט זיין פרוי מרים, אין יאָר 1924. דאָס איז געווען אין די צייטן פון דער צווייטער עמיגראַציע. יעדע שיף האָט געבראַכט צו די לאַ פּלאַטאַ ברעגן הונדערטער און טויזנטער עמיגראַנטן פון אַלע עקן וועלט, מערסטנטייל פון מזרח־אייראָפּע, פון וועלכע אַ גרויסע טייל זענען געווען יידן.

זישע, אַ געבוירענער אין וואַרשע, שטאַמט פון דור־דורות בעלי־מלאכות, אָרעמע, אָבער אָרנטלעכע מענטשן. אַז ער האָט געענדיקט דעם חדר, האָט אים דער פאָטער אָפּגעגעבן צו אַ קאַמאַשנמאַכער אויף דער לער, ווו ער האָט זיך אויסגעלערנט דאָס פאַך. קיין גאָר באַוווסטזיניקער מענטש איז ער נישט געווען, אָבער פאַרקערנדיק אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָט ער עפּעס אויפגעכאַפּט, עפּעס געגנאַשט. ער איז געווען אַ דורכשניטלעכער מענטש. ער איז געווען פון מיטעלן וווקס, אַ ברונעטער, מיט שיינע געזיכט־שטריכן.

דערקענט האָט ער זיין פרוי, מרים, אין זעלביקן הויף, ווו ער האָט געוווינט ביי זיינע עלטערן. דאָס איז געווען איינע פון די וואַרשעווער הייף, ווו עס האָבן געוווינט אַ סך פאַמיליעס פון פאַרשיידענע שיכטן מענטשן. זי איז געווען אַ דינסטמיידל ביי איינער פון די פאַמיליעס פון פאַרמעגלעכן שטאַנד. געקומען איז זי פון אַ קליין שטעטל נעבן קאַליש, ווו די נויט און אָרעמקייט האָט זי געטריבן קיין וואַרשע. זי איז געווען פון הויכן וווקס, אַ בלאָנדע, מיט זייער אַ גראַציעזער שיינער פיגור. קיין שיינהייט איז זי נישט געווען. דאָס פּנים, אַביסל דאָרפיש, די מאַנירן ווייט פון גרויסשטאָטיש. אָבער זישען איז זי געפעלן געוואָרן און נאָך אַ קורצער צייט האָבן זיי חתונה געהאַט.

מרים האָט געהאַט קרובים אין אַמעריקע. האָט זי צו זיי געשריבן, אַז זי וויל קומען צו זיי. אַזוי ווי זי האָט געדאַרפט וואַרטן אַ צייט לאַנג אויף דער קוואָטע און אויף דעם געלט וואָס די פאַמיליע פלעגט איר פון צייט צו צייט שיקן, האָבן זיי ביידע געאַרבעט. און אַזוי ווי דער דראַנג צו פאָרן אין דער ווייטער וועלט האָט זיי באַהערשט, האָבן זיי באַשלאָסן

צו פאָרן קיין אַרגענטינע, אפשר וועלן זיי פון דאָרט פאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע.

געקומען אין בוענאָס־איירעס אָן געלט־מיטלען, נישט האָבנדיק קיין פאַמיליע, האָבן זיי די ערשטע צוויי וואָכן געגעסן אין הכנסת־אורחים און אָנגעהייבן זוכן אַרבעט. ער ביי זיין פאַך האָט דעמאָלט נישט געקראָגן קיין אַרבעט. אויף אַן אַנאָנס פון דער צייטונג זענען זיי אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ יידישן רעסטאָראַן, וווּ עס האָט זיך געפאָדערט אַ פּאָר־פאָלק מיט עסן און וווינונג. פאַר זיי, אויפן מאָמענט, איז עס געווען ווי געוווּנטשן. זי האָט געאַרבעט ווי אַ קעכין און ער — ווי אַן אַרויסהעלפער.

לאַנג האָבן זיי דאָרט נישט געאַרבעט, נישט מער ווי צוויי חדשים. ס'איז געווען גענוג אָט די קורצע צייט, אַז זי זאָל לייגן אַ חותם אויף זייער ווייטערדיקן לעבנסגאַנג.

אין דעם רעסטאָראַן פלעגט די מערהייט קליענטן באַשטיין פון „טמאים". אין יענער צייט האָט דער שקלאַפן־האַנדל געבליט אין אַרגענטינע. דאָס געזינדל האָט געמאַכט גאָלדענע געשעפטן. זיי פלעגן זיך וואַרפן מיט געלט, ווי מיט שפּענער. זישע און מרים, נישט פאַרשטייענדיק ווו זיי געפינען זיך, אין וואָס פאַר אַ געזעלשאַפט, האָבן די ערשטע וואָכן עס אָנגענומען ווי אַ נאַטירלעכע זאַך. צוויי נאַאיווע מענטשן זענען זיי געווען, זייענדיק זיי געווען זיכער, אַז „אַרגענטינע איז אין אַלגעמיין אַזוי"... אָט די מענטשן האָבן עס געוואָרפן אַן אויג אויף מרימען, האָבן אויסגעשפּרייט אַ נעץ זי צו פאַנגען... זיי האָבן געהאַט זייערע ראַפינירטע מיטלען אין זייערע מסחרים... אין זישען האָבן זיי אָבער געפונען אַ שטערונג. זיי האָבן אונטערגעשיקט זייערע אַ פרוי, אַן עלטערע, אַ „מומע", וואָס האָט געשלאָסן קאָנטשאַפט מיט מרימען, איר געשאָנקען פאַרשיידענע מתנות, אַרויסווייזנדיק גרויס אויפמערקזאַמקייט אין די פרייע שעהן, פלעגט זי מרימען מיטנעמען שפּאַצירן. און אויף איר האָט דאָס אַלץ געווירקט. די וועלט איז איר געפעלן געוואָרן... אַ פרוי אַן אַנאַלפאַבעטקע, נישט געקענט לייענען, נישט שרייבן, איז זי ביסלעכווייז אַרונטערגעפאַלן אונטער זייער איינפלוס.

מענטשן האָבן אויפמערקזאַם געמאַכט זישען, אַז ער שפּילט זיך מיט פייער, אַז ער דאַרף פון דאָרטן אַנטלויפן, ווי פון אַ פאַרפּעסטעטע הויז. און ער האָט אַזוי געטאָן. פון די ערשטע געלטער האָט ער געדונגען זיך אַ צימער, איינגעאָרדנט זיך ווי עס איז, און אָנגעהייבן זוכן אַרבעט ביי זיין פאַך. אָבער ער האָט נישט געקאָנט געפינען.

אין יענער צייט האָט אין בוענאָס־איירעס אויפגעבליט דער גאַסן־האַנדל אין דרייערליי פאָרמען: אַמבולאַנטעריי, קאָרעדאָרן ביי קוענטע־ניקעס און „קאַרטעניקעס". זישע האָט זיך גענומען צום לעצטן און זיך אָנגעטאָן ווי אַ מאַטראָס־אָפיציר, פלעגט אַוועקגיין אין די פרימאָרגן־שעהן און צוריקקומען שוין פאַרנאַכטלעך. ער פלעגט פאַרדינען אַזוי, אַז זיי האָבן זיך איבערגעצויגן אין אַ שענערער דירה, זיך בעסער איינגעאָרדנט און ער פלעגט קויפן מרימען מתנות לויט זיינע מעגלעכקייטן. ער איז געווען צופרידן מיט זיין לאַגע.

די „מומע" אָבער פלעגט זיי אָפט באַזוכן. נישט האָבנדיק קיין פאַ־מיליע, האָבן זיי אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען געווען צופרידן מיט איר קומען פון צייט צו צייט. זישען איז אין קאָפּ נישט איינגעפאַלן, מיט וואָס פאַר אַ פינצטערע פלענער די פרוי טראָגט זיך אַרום און וואָס עס ווערט צוגעגרייט פאַר אים. ווען ער האָט זיך שוין יאָ אָפּגעגעבן רעכע־נונג, וואָס מרים טוט הינטער זיינע פלייצעס, איז שוין געווען צו שפּעט.

די ערשטע צייט, אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט און נישט טרעפנ־דיק מרימען אין שטוב, איז יעדער תירוץ געווען פאַר אים גוט. ער האָט פון מרימען נישט געטראַכט קיין שלעכטס. אָבער אין די ווייטערדיקע טעג, ווען איר אויפפירונג האָט אָנגעהייבן ווייזן, אַז זי פירט אַ טאָפּלט לעבן, אַז ער איז נישט מער ווי אַ לייכט שוצברעטל פאַר איר, האָט ער אָנגעהייבן צו מאַכן סקאַנדאַלן, אַז ער וועט אַזאַ אויפפירונג פון איר נישט טאָלערירן. ביז ער האָט די „מומע" פאַרטריבן פון שטוב.

אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט.

מרים איז שוין געווען אַ פאַרפאַלענע פאַר אים און אַ פאַרלוירענע פאַר זיך.

דעמאָלט איז דאָס לעבן געוואָרן פאַר אים אומדערטרעגלעך. זוכנדיק

אַן עצה, האָט ער, נישט זייענדיק פּאָרזיכטיק, זיך אָנפּאַרטרויט פּאַר איי־גענעם, וועמען ער האָט באַטראַכט פאַר אַ פריינד. עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און — פּאַך־חברים האָבן באַלד אַלץ געוווּסט פון זיין פּריוואַטן לעבן. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן זייערע שטעכווערטלעך און אָרייַנ־זאָגעכצן.

האָט ער באַשלאָסן אַוועקצופאָרן אין אַ צווייטער שטאָט. געפאָרן איז אָבער מרים אַליין. ער איז געבליבן אין בוענאָס־איירעס.

אין אַ טאָג, אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט, האָט ער געטראָפן די שטוב אין אומאָרדענונג. אַ צעטעלע אויפן טיש האָט אים אויפגעקלערט, אַז ער זאָל זיך נישט נעמען צום האַרצן דעם גורל פון מרימען... ער זאָל טראַכטן נאָר פאַר זיך.

מרים האָט אים געלאָזט וויסן, אַז זי פאַרלאָזט אים, ער זאָל זיין גליק זוכן ביי אַ צווייטער פרוי, אַז די צייט וועט אַלץ פאַרהיילן, אַז זי ווייסט, ער האָט זי אויפריכטיק ליב, אָבער זי שטרעבט צו אַן אַנדער לעבן...

זישע האָט זיך ביטער צעוויינט. אויף דעם האָט ער זיך נישט גע־ריכט. ער איז צו איר געווען אַזוי גוט, און דאָ אַזאַ בזיון! ער האָט נישט געערוט. ער האָט זיך געווענדעט צו „עזרת נשים”. אָבער נאָך לאַנגע פאָר־שונגען איז ער געוויר געוואָרן, אַז זי געפינט זיך אין אַ ווייטער פּראָ־ווינץ־שטאָט. ער האָט זיך מיט איר דאָרטן געטראָפן, געוויינט פאַר איר, געקניט, געבעטן זיך ביי איר, זי זאָל צוריקגיין וווינען מיט אים, און ער וועט איר אַלץ מוחל זיין. אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

אין צימער האָט זיך אַרומגעדרייט אַ קליין מענטשעלע. כאָטש עס איז געווען אין יאַנואַר און די היצן זענען געווען גרויס, אַ חמימה, דאָך איז ער געווען אָנגעפּעלצט. ער האָט געהאַלטן אין איין שפּייען, כראַקען, געשאָלטן און געוואָרפן מיט מיאוסע ווערטער. ער איז צוגעגאַנגען צו זישען און צו אים געזאָגט אויף דו:

— אַזאַ גרויסער יונג, ווי דו ביסט, מאַכסטו זיך נאַריש? קלאַפּסט דעם קאָפּ אין וואַנט צוליב אַ נקבה?... ס׳וועלן דיר פעלן ווייבער אין וואַרשע?... איך וועל איבעררעדן מיט זכריהן, ער זאָל דיר געבן אויף אַ

שיפסקאַרטע, זאָלסט צוריקפאָרן קיין וואַרשע, ווו דו וועסט זיך אויסזוכן אַ צווייטע...

די ווערטער פון דעם מענטשל זענען אים אַריין אין קאָפּ. קיין געלט אויף אַ שיפסקאַרטע האָט ער נישט גענומען, אָבער קיין וואַרשע איז ער צוריקגעפאָרן.

אין וואַרשע האָט ער אין אַ קורצער צייט אַרום זיך ווידער איינגעאָרדנט. זיך אָפּגעזוכט אַ פרוי, געפירט אַ פיין פאַמיליע־לעבן, געוואָרן אַ פאָטער פון צוויי קינדער.

דאָס לעבן איז געפלאָסן נאָרמאַל. די איבערלעבונג פון בוענאָס־איירעס האָט ער מיט געוואַלט אַרויסגעריסן פון זיין האַרצן. נישט געוואָלט טראַכטן דערפון. כאָטש צו דער פרוי האָט ער קיין ליבע־געפיל נישט געהאַט, האָט ער זי געשעצט, פאַר איר געטריישאַפט, פאַר איר איבערגעבנקייט. אַז ער פלעגט זיך דערמאָנען אַמאָל פון מרימען, איז עס געווען אַ זיסע דערינערונג, געמישט מיט אַ ביטערער דערפאָרונג. די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן און ער האָט געפונען אַ טרייסט. ער האָט זיך גאַנץ פיין אַרויפגעאַרבעט, געהאַט פרנסה בריווח.

אין דעם איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיט אירע גרוילן און ער האָט גענומען דעם וואַנדערשטעקן, זיך געלאָזט קיין מזרח, צוזאַמען מיט דער פאַמיליע. דורכגעמאַכט אַלע פּיינען און אָנגעשפּאַרט אַזש אין דעם ווייטן, קאַלטן סיביר.

די פרוי, אַ שוואַכע, האָט דאָס אַלץ נישט געקאָנט אַריבערטראָגן און זי איז געגאַנגען דעם לעצטן וועג. די קינדער האָט ער אָפּגעגעבן אין אַ דערציאונג־אַנשטאַלט און ער האָט זיך ווי עס איז דורכגעשלאָגן די גאַנצע צייט ביי פאַרשיידענע אַרבעטן.

דער אָפּמאַך פון ראַטנפאַרבאַנד מיט דער שיקאָרסקי־רעגירונג האָט אים דערמעגלעכט צוריקצופאָרן קיין פּוילן. פון בלייבן אויפן אָרט איז נישט געווען קיין רייד. ער האָט זיך באַמיט צו קריגן אַן איינרייזע־דערלויבעניש קיין אַרגענטינע, און ס'איז אים נישט שווער אָנגעקומען, ווייל ער האָט געהאַט אַן אַרגענטינער „סעדולאַ", וואָס ער האָט עס אָפּגעהיט דורך דער גאַנצער צייט. און אַזוי איז ער אין 1948 געקומען קיין בוענאָס־איי־

רעס צום צווייטן מאָל, נאָך אַן איבעררייס פון 23 יאָר. צוזאַמען מיט די צוויי קינדער.

אויפן וועג פאַרנדיק, האָט ער נישט איין מאָל געטראַכט פון מרימען, צי זי לעבט און וואָס זי טוט. ער האָט זיך די ערשטע צייט באַמיט געוויר צו ווערן פון איר גורל, אָבער זי איז שפּורלאָז פאַרשוואונדן.

און עס פלעגט אים אויסקומען דורכצוגיין דאָס הויז, ווו ער האָט אַמאָל געווינט צוזאַמען מיט מרימען, פלעגט אים אַ באַזונדער געפיל אַרומנעמען. עס פלעגט אין אים אויפטויכן אין געדאַנק, די איבערלעבונג, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, און אַ געפיל פון שפלות האָט אים אין דעם מאָמענט באַהערשט.

אָבער דער גורל האָט געוואָלט, אַז די צוויי מענטשן זאָלן ווידער זיך טרעפן און פירן צוריק אַ פיין פאַמיליע־לעבן, וואָס שלעכטע מענטשן האָבן געוואָלט צעברעכן.

זישע מאַסטאַווער האָט מיט זיין טאַט באַוויזן, אַז מחילה איז די שענסטע מידה ביי מענטשן בכלל און ביי יידן בפרט.

# אייפערזוכט

מיט צערפולע אויגן האָט ער געקוקט אויף זיין ליבער פרוי גיטעלע, וואָס איז געלעגן אין בעט אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד און גלאָציק גע־קוקט אויף איין פונקט. ער האָט גענומען איר אייז־קאַלטע האַנט, געטאַפּט איר פולס. עס האָט אים געשניטן ביים האַרץ, צוזעענדיק, ווי זי גייט אויס ווי אַ ליכט. איר יונג לעבן צאַנקט אונטער זייגע הענט.

ס׳איז שרעקלעך צו וואַרטן אויף דעם אומפאַרמיידלעכן סוף פון אַ נאָענטן מענטשן, ווען מען ווייסט, אַז קיין האָפענונג צו ראַטעווען איז נישטאָ. ווען דאָקטוירים זאָגן אָפּ דאָס לעבן. עס איז שרעקלעך דאָס זיצן ביים קראַנקן־בעט אין די לאַנגע נעכט און קוקן אין חלל אַריין, נישט וויסנדיק ווו זיך אַהינצוטאָן. שרעקלעך דאָס צוזען די ליידן פונעם קראַנקן, וויסנדיק אַז מען קאָן מיט גאָרנישט העלפן און לינדערן די שמערצן. דאָס קאָן דערפירן אַ מענטשן ביז משוגעת. עס באַהערשט אַן אַפּאַטיע און ווידערווילן צום לעבן. עס קומען פאַרשיידענע געדאַנקען אין קאָפּ אַריין.

אין אַזעלכע מאָמענטן מאַכט מען זיך אַ חשבון הנפש און מען פרעגט זיך אַליין: פאַרוואָס קומט עס מיר? צו דעם אַלעם פייניקט דאָס געוויסן. ער קען זיך איצט נישט שענקען, וואָס ער האָט אָפּגעלייגט איין טאָג אויפן אַנדערן מיט דער האָפענונג, אַז גיטעלען וועט בעסער ווערן; ער וועט זיך מיט איר צונויפרעדן, אויפווייזן איר, אַז דאָס אייפערזוכט־געפיל, וואָס האָט זי באַהערשט, איז גרונטלאָז; אַז דאָס איז אירע אַ זעלבסט־אייגנרע־דעניש, האַלוצינאַציעס פון אַ קראַנקנס פאַנטאַזיע. ווי האָט זי געקאָנט טראַכטן וועגן אים אַזאַ זאַך?

אין דעם לעצטן יאָר, זינט זי איז פאַרשלאָפט געוואָרן, האָט ער כמעט אויפגעגעבן זיינע פריוואַטע געשעפטן. ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס

נאָר מעגלעך, זי צו ראַטעווען. ער האָט כמעט געפּטרט זיין פאַרמעגן, וואָס איז אים לייכט נישט אָנגעקומען.

מיט אַ צוויי חדשים צוריק האָט דער דאָקטאָר, וואָס האָט באַהאַנדלט זיין פרוי, וועלכער קומט שוין אַריין אַ יאָר פּופצן צו זיי אין שטוב, און איז מיט דער צייט געוואָרן אַזוי אַרום אַ הויז־פריינד, אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אויף אַ גוטברודערישן אופן, אַז ער זאָל זיך צוימען מיט זיין האַלטונג צו זיין שוועגערין, וועניקסטנס אין דער אָנוועזנהייט פון זיין קראַנקער פרוי, ווייל זי ליידט דערפון... דער דאָקטאָר האָט אים אויך פאַרזאָגט נישט צו ריידן מיט דער פרוי וועגן דעם, ווייל דאָס קאָן פאַר־ערגערן איר אַזוי אויך דעליקאַטן געזונט־צושטאַנד.

אין אַזאַ לאַגע האָט זיך געפונען וואָלף זשיכלינסקי, אַ מענטש פון 42 יאָר, וואָס איז געקומען קיין אַרגענטינע אין 1937 צוזאַמען מיט זיין פרוי, פון אַ גרויסער שטאָט אין פּוילן. אַ באַוווּסטזיניקער, אַ פּאַרטיי־מיטגליד, גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער אַלטער היים.

זיי זענען געווען צוויי יונגע מענטשן, מיט ווילן צו דער אַרבעט. מיט דער מיטהילף פון זיינע חברים האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט מיט אַ טריקאָטאַזש־פאַבריקל. עס איז זיי אַוועקגעגאַנגען גוט. קיין גרויסע גבי־רים זענען זיי נישט געוואָרן, אָבער פּרנסה האָבן זיי געהאַט בריווח. אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש מיט פליכטן פאַר אַלץ און פאַר אַלעמען, איז זיין באַנעמונג, באַציאונג צו חברים, מענטשן, ווי אין דער אַרבעט, געווען זייער אַ קאָרעקטע. אַביסל אַ באַלעזענער, נישט דורכגעלאָזט קיין רעפע־ראַט, קולטור־אָוונט, אַבי די צייט האָט אים נאָר דערלויבט. מיט איין וואָרט: אַ בעסערער מענטש פון דער געזעלשאַפט.

אָבער איין זאַך האָט געפעלט דער פאַמיליע זשיכלינסקי, אַ זאַך, וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט דערגרייכן: זיי זענען געווען קינדערלאָז. זיי האָבן אַלץ געטאָן, וואָס איז נאָר געווען אין זייערע מעגלעכקייטן, אַז די נאַטור זאָל זיי שענקען אַ קינד. די פרוי האָט באַזוכט די גרעסטע דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, געלאָזט זיך קאָסטן אַ סך געלט. נאָר גאָרנישט

דערגרייכט. דאָס איז געווען דער איינציקער שוואַכער פּונקט אין זייער פאַמיליע־לעבן.

אין אינטימע מאָמענטן, ווען זיי פלעגן פון דעם ריידן, האָבן זיי דאָס באַנומען ווי אַ קאַפּריז פון דער נאַטור, נישט פאַרוואַרפנדיק זיך איינער דעם אַנדערן. דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז זיי זענען נאָר־מאַלע, געזונטע מענטשן. געווען אַ צייט, ווען זיי האָבן געטראַכט וועגן אַדאָפּטירן אַ קינד. זיי האָבן דאָס אָפּגעלייגט אויף אַ שפּעטערן מאָמענט. אָבער דאָס האָט נישט געשטערט זיי זאָלן זיך קעגנזייטיק ליב האָבן און זיך רעספּעקטירן. און אַזוי זענען געלאָפן טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן.

אין 1945, ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט די פאַמיליע זשיכלינסקי זיך באַמיט געוויר צו ווערן דורכן „דזשאָינט" וועגן זייערע איבערגעבליבענע פאַמיליעס אין דער אַלטער היים. דער רעזולטאַט איז געווען אַ טרויעריקער. געבליבן איז נישט מער ווי אַ שטיף־שוועסטער פון זיין פרוי. גיטעלע, ווען זי איז אַוועק פון פּוילן, האָט איבערגעלאָזט איר מוטער אַן אלמנה, מיטן געדאַנק זי אַריבער־צונעמען קיין אַרגענטינע. ווען זי האָט שוין געהאַט כמעט פאַרטיק די אַרויספאָדערונג־פּאַפּירן, די „זשאַ־מאַדאַס", האָט איר די מוטער בריוולעך געמאָלדן, אַז זי האָט געענדערט איר פּלאַן: זי וויל בעסער בלייבן אין פּוילן. אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, אַ בעל־פּרנסה, פאַראינטערעסירט זיך מיט איר, און האָט איר פאָר־געשלאָגן חתונה צו האָבן. דער זעלביקער מענטש — האָט זי געשריבן — האָט אַן איינציקע טאָכטער פון 15 יאָר. אין דעם בריוו איז געווען ביי־געלייגט אַ בילד פון דעם מיידל.

נאָר שפּעטער אַביסל האָט אויסגעבראָכן די מלחמה און מער קיין בריוו האָבן זיי נישט באַקומען.

איצט, אַז די פאַמיליע זשיכלינסקי האָט באַקומען אַ מעלדונג וועגן דער איבערגעבליבענער שוועסטער מיט איר אַדרעס, טאַקע נישט קיין בלוט־שוועסטער, האָבן זיי איר פאַרגעלייגט אַריבערצונעמען זי קיין אַר־גענטינע. צו זייער שטוינונג האָט די שוועסטער זיי געמאָלדן, אַז זי האָט חתונה געהאַט אין די לאַגערן מיט אַ געוועזענעם געטאָ־קעמפער, אַן אָנ־פירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, און אַז זייער שטרעבונג איז

צו פֿאַרן קיין מדינת ישראל. זיי פֿלעגן פֿון צייט צו צייט זיך איבער־שרייבן אַזוי ווי אַ שוועסטער צו אַ שוועסטער, כאָטש זיי האָבן זיך פֿער־זענלעך נישט געקענט.

אין 1948 האָט אָבער די פֿאַמיליע זשיכלינסקי באַקומען אַ בריוו פֿון דער שוועסטער, אַז דער מאַן אירער איז געפֿאַלן, פֿאַרטיידיקנדיק די יונגע מדינה, און אַז זי איז געבליבן אַליין אויף דער וועלט, און אַז איצט האָט זי באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין אַרגענטינע. האָבן די זשיכלינסקיס אין אַ קורצער צייט אַרום אַריבערגענומען די שוועסטער צו זיך.

זייער פֿרייד האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. זיי האָבן דאָך אַלע יאָרן געחלומט פֿון אַדאָפּטירן אַ קינד! און דאָ אַזאַ גליק! זיי האָבן פֿאַר זיך געהאַט אַ פֿרוי אין די מיטעלע צוואַנציקער יאָרן, פֿון מיטעלער שיינ־קייט, אַן אויסגעפּרוווטע, מוטיקע פֿרוי. זי האָט געקוקט יעדן איינעם גלייך אין פּנים אַריין ביים ריידן. אירע איבערלעבונגען, סיי אין געטאָ, סיי אין ישראל, האָבן זי געמאַכט פֿאַרהאַרטעוועט. זי האָט גערעדט פֿער־פֿעקט עטלעכע שפּראַכן. אַן אינטעליגענטע פֿרוי.

די זשיכלינסקיס האָבן זיך געפֿילט מיט איר גליקלעך. זיי האָבן זיך אָנגעהייבן פֿאַראינטערעסירן אויסצוזוכן אַ לייטישן שידוך, אַ זאַך, וואָס זי האָט נישט געוואָלט הערן און געדענקען...

אומגעריכט אָבער, ווען די פֿאַמיליע זשיכלינסקי מיט דער שוועס־טער האָבן פֿאַרבראַכט די זומער־וואַקאַציעס אין אַ שטאָט ביים ים, האָט אָבער גיטעלע, ביים באָדן זיך, געקראָגן אַן אַטאַקע פֿון פּאַראַליז. דער דאָקטאָר, וואָס מען האָט אַרויסגערופֿן, האָט געראָטן גלייך צוריקצופֿאָרן קיין בוענאָס־איירעס, ווייל די סימפּטאָמען פֿון דער קראַנקייט זענען גאָר ערנסטע.

פֿון דעמאָלט אָן איז פֿאַרגעקומען אַן איבערברוך אין דער פֿאַמיליע.

נאָכן אָפּליגן צוויי חדשים אין אַ סאַנאַטאָריע, האָט מען צוויסן גע־געבן זשיכלינסקין, אַז דער פּראָצעס פֿון דער קראַנקייט איז אויף אַ לענ־גערער צייט, כמעט אומהיילבאַר.

אין דער היים האָבן זיך אָנגעהייבן די אמתע ליידן. זשיכלינסקי, אַ מענטש פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָס פֿלעגט יעדע נאַכט אַוועקגיין פֿון

שטוב, איז געוואָרן צוגעשמידט צו זיין קראַנקער פרוי. די ערשטע צייטן פלעגן נאָך קומען מבקר חולה זיין פריינט און באַקאַנטע. נאָר די מענטשן פלעגן זיך באַווייזן וואָס אַמאָל ווייניקער. די נעכט פלעגן זיך ציען אומ־ענדלעך לאַנג; ער פלעגט אַרומגיין אין שטוב ווי אַ געפאַנגענע חיה אין אַ שטייג. און אָט אין די נעכט, ווען ער איז פסיכיש געווען דערדריקט, וואַכנדיק שטענדיק נאָכצוקומען די פאַרלאַנגען פון זיין קראַנקער פרוי; גייענדיק אויף די שפּיץ־נעגל, כדי נישט צו שטערן איר רו און שלאָף; ערשט איצט האָט ער אָנגעהויבן אָפּצושאַצן זיין שוועגערין, וואָס ער האָט געהאַט מיט ווענען אויסצורעדן אַ וואָרט. זיי פלעגן צוזאַמען זיצן שעהנ־ווייז. זי פלעגט אים איבערגעבן און דערציילן איר'ע איבער'לעבונגען, וואָס זענען געווען אויסערגעוויינלעך שפּאַנענדיקע, אינטערעסאַנטע ביז גאָר.

אָבער גאַנץ אַנדערש האָט אויף דעם געקוקט גיטעלע. ליגנדיק אין בעט, האָט זיך ביי איר אַנטוויקלט אַן אייפערזוכט־קאָמפּלעקס. קראַנקע געדאַנקען, איינער ערגער פון דעם צווייטן, האָבן באַהערשט איר נשמה. זי האָט פאַרשטאַנען איר לאַגע. זי האָט געפילט, אַז זי וועט זיך מער פון בעט נישט אויפהייבן. געווען מאָמענטן, ווען זי האָט אַרויסגעוויזן צופרידנקייט, וואָס די לאַגע האָט זיך אַזוי אויסגעוויקלט.

איר וואָלף וועט נישט דאַרפן זוכן קיין פרעמדע פרוי — האָט איר געבוירערט אין קאָפּ, — ער וועט זיך איינלעבן מיט שרהלען...

אָבער דאָס איז נאָר געווען אויף אַ מאָמענט. אַן אַנדער געפיל האָט זי באַלד באַהערשט. זי האָט עס פאַר די ליפּן נישט געבראַכט. זי האָט עס אין זיך געדריקט. אָבער עס האָט גענומען אין איר ברענען. אַן אומ־באַגרענעצטער האַס און כעס צו אַלעמען, וואָס רינגלט זי אַרום, האָט זי באַהערשט. בלויז און גאָר פאַר דעם דאָקטאָר פלעגט זי זיך אויסרעדן דאָס האַרץ.

אַזוי פלעגט וואָלף זשיכלינסקי פאַרברענגען די לעצטע חדשים ביים בעט פון זיין קראַנקער פרוי. טראַכטן און נאָכטראַכטן, מאַכן זיך חשבון־הנפש...

אַ קלונג אין טיר האָט אים אויפגעוועקט פון זיין דרימל. דער דאָק־טאָר איז אַריינגעקומען אויף זיין טעגלעכן באַזוך. שרהלע איז געגאַנגען

מאַכן די צוגרייטונגען פאַר דער איינשפריצונג. אָבער דער דאָקטאָר, מיט אַ האַנט־באַוועגונג, האָט געלאָזט וויסן, אַז עס איז שוין מער נישט נייטיק. די קראַנקע האָט געגוססט.

וואָלף און די שוועגערין האָבן זיך צעוויינט.

# מוטערשאַפט

— דאָקטאָר, איר זייט זיכער? מאַכט איר אַמאָל נישט קיין טעות?

— האָט שרה וועלטשער געהאַלטן אין איין איבערחזרן די ווערטער, קוקנ־דיק צודרינגלעך דעם דאָקטאָר אין די אויגן אַריין.

— איר ווייסט וואָס דאָס באַדייט פאַר מיר, אין מיין עלטער? איך בין דאָך שוין אַלט געוואָרן 43 יאָר. פיר דערוואַקסענע קינדער. די עלצטע אַ פאַרהייראַטע. ווי וועל איך אויסזען פאַר מיין פאַמיליע, ווען איך וועל זיי דאָס איבערגעבן? עס וועט דאָך זיין אַ בזיון פאַר לייט. איך וועל זיך דאָך באַגראָבן פאַר חרפּה, ווען איך וועל זיך דאַרפן ווייזן פאַר מענטשן...

— דאָקטאָר! האָט אויף מיר מיטלייד, טוט מיט מיר וואָס איר ווילט, איך וועל ברענגען דעם גרעסטן קרבן, אַבי דערלאָזט נישט צו קיין גע־בורט...

אַריינבעמענדיק דעם קאָפּ אין די הענט אַריין, האָט שרה ספּאַזמאַ־טיש אָנגעהייבן צו וויינען אויפן הויכן קול.

— פרוי וועלטשער, איך נעם זיך דאָס רעכט אייך צו מאַכן אַ פאָר־וואורף. איר ווייסט, וואָס עס באַדייט אין אייער עלטער נישט צו דערלאָזן צו קיין נאָרמאַלן געבורט? דאָס קאָן זיך שלעכט אָפּרופן אויף אייער געזונט. איר, אַ שיינע בליענדיקע פרוי, אין די בעסטע יאָרן, וואָס הייבט ערשט אָן צו געניסן פונעם לעבן, זאָלט וועלן באַגיין אַזאַ נאַרישקייט... אויפן מאָמענט איז עס פאַר אייך אַ סורפּריז. איר וועט זיך אָבער צו־געוווינען צום געדאַנק און איר וועט איינזען, אַז ס'איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך. פאַראַן פרויען, וואָס וואָלטן אַוועקגעגעבן אַ טייל פון זייער לעבן צו האָבן אַ קינד. און איר מינדערשעצט עס...

— אָבער ביי די יאָרן — האָט ווייטער גערעדט שרה — שטעלט אייך פאָר, דאָקטאָר, עס איז אינגאַנצן פיר חדשים זינט מיין טאָכטער

האָט חתונה געהאַט... עס איז מיר באַוווּסט, אַז זי איז אין אַנדערע אומ־שטענדן. עס קומט אויס, אַז מיר זאָלן צוזאַמען אין איין צייט ליגן אין קימפּעט...

פאַרלאָזנדיק דעם דאָקטאָרס הויז, האָט שרה וועלטשער, אין אַ פּי־בערדיקן צושטאַנד, אָנגעהייבן שפּאַנען איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן ציללאָז און אָן אַ קאָנקרעטן באַשלוס, טראַכטנדיק וועגן איר איצטיקן צושטאַנד.

אָנטרעפנדיק זיך אין אַ זייטיקער גאַס אויף אַ פּלאַסע, האָט זי זיך פון מידקייט אַוועקגעזעצט. עס איז געווען אַ הערלעכער פרילינג־טאָג. די פּלאַסע איז געווען פול מיט קינדער, וועלכע האָבן זיך זאָרגלאָז געשפּילט. זייערע קינדישע געשרייען און געלעכטערס האָבן פול געמאַכט די לופט.

צוקוקנדיק זיך צו די קינדער, האָט אויפגעטויכט אין איר געדאַנק די נישט ווייטע פאַרגאַנגענהייט, ווען זי אַליין פלעגט קומען מיט אירע קינ־דערלעך און מיט זיי פאַרברענגען אין פרייע מינוטן אויף די פּלאַסעס.

זי איז נאָך נישט אַלט געווען קיין צוואַנציק יאָר, ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט איר זלמנען, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט ביי אירע על־טערן. אַ שטילער, אַ באַשיידענער און זייער ערנסטער בחור, איז ער איר געפעלן געוואָרן און כאָטש עס האָבן מיט איר געוואָלט חתונה האָבן אַ סך יונגעלייט רייכערע פון אים, האָט זי בעסער אים אויסגעקליבן. זייט דעמאָלט זענען שוין אָפּגעלאָפן 23 יאָר. פון איבעריקן שווילטאָג און ראַסקאַש האָט זי נישט געוווּסט. דער מאַן אירער — אַ סך יאָרן אַ לוין־אַרבעטער ביי יענעם, מיט פיר קליינע קינדער, האָט זי דורכגעמאַכט פאַר־שיידנס. געווען צייטן, ווען זיי האָבן זיך גוט געמוטשעט, אָבער שטענדיק האָבן מאַן און ווייב גוט געלעבט. געגעבן אַ גוטן ביישפּיל די קינדער, געזאָרגט פאַר זייער דערציאונג, געפירט אַ יידיש־טראַדיציאָנעלע היים.

דערנאָך האָט ער אָנגעהייבן אַרבעטן פאַר זיך. דאָס מזל האָט אָנ־געהייבן צו שיינען פאַר זיי. מען האָט אָנגעהייבן צו לעבן בעסער, אַריינ־געצויגן זיך אין אַ נייער דירה, דעם טאָזשער פון דאַמען־בייטלען פאַר־גרעסערט. די צוויי דערוואַקסענע בחורים האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן. דאָס יינגסטע קינד, אַ מיידל, האָט שטודירט, אַרויסגעוויזן גוטן ווילן צו לער־

נען. די עלצטע טאָכטער, גוט חתונה געהאט, מיט אַ ווילן יונגנמאַן. די פרייד האָט נישט געהאט קיין גרענעץ. און דאָ מיטאַמאָל, האָט זי זיך אָנגעהייבן פילן שלעכט, כאָטש זי האָט יאָ באַמערקט סימנים פון אַזאַ צושטאַנד, האָט זי זיך נישט געוואָלט גלייבן, ביז דער דאָקטאָר האָט איר איבערגעגעבן דעם דיאַגנאָז.

אָבער זי וועט צו דעם נישט דערלאָזן. ערשט איצט, ווען זי קאָן אָנ־הייבן לעבן, וועט זי דאַרפן ניאַנטשען אַ קינד? אָנהייבן פון ס׳ביי? זי וועט זיך צום דאָקטאָרס רייד נישט צוהערן. אים איז לייכט צו ריידן אין אַזאַ טאָן. וואָס קאָן עס אים אַרן, אויב זי וועט האָבן נאָך אַ קינד? זי וועט שוין געפינען אַ מיטל פטור צו ווערן דערפון...

די פראַגע איז ביי איר איצט געווען, ווי זאָל זי האַנדלען לגבי איר פאַמיליע. זי האָט גוט געקענט איר מאַן, זיין ליבשאַפט און איבערגעבנ־קייט צו איר. ער וועט צו דעם נישט דערלאָזן. דעריבער איז נאָר פאַראַן איין אויסוועג: שטעלן די פאַמיליע פאַר אַ פאַקט.

און אַזוי, פאַרטאָן אין די רעיונות, האָט זי נישט באַמערקט ווי אויף דער באַנק האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ זייער בכבודיקן אויסזען, אין שוואַרצן אָנגעטאָן. אַ טיפער זיפץ באַגלייט מיט אַ שטילן געוויין האָט גערופן שרהס אויפמערקזאַמקייט. די פרוי האָט געהאַלטן אין איבערחזרן די ווערטער: אָרעמע אַמאַליאַ מיינע...

נישט דרייסט האָט שרה אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז מיט אייך, ליבע פרוי? איר פילט זיך אפשר נישט גוט? אפשר אייך צופירן אַהיים?

— אַ דאַנק אייך, טייערע — איך בין נישט קראַנק און נישט עס ווילט זיך מיר גיין אַהיים. ווען מיין טאָכטער האָט געלעבט, האָב איך געהאַט אַ היים. געהאַט מיט וועמען אויסצוריידן אַ וואָרט. איצט איז די שטוב אַ פוסטע. ס׳יאָגט מיך אַרויס פון דאָרטן, ס׳גייען דורך טעג, ווי איך טויש נישט איבער אַ וואָרט מיטן איידעם, אַזוי ווי איך וואָלט געהאַט אַ שולד אין איר טויט.

— שוין לאַנג ווי אייער טאָכטער איז געשטאָרבן?

— דריי וואָכן אינגאַנצן. נישט אַלט געווען קיין פולע 25 יאָר... פון

אַ נישט געלונגענעם אַבאָרט איז זי יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט. זיך איינגערעדט, אַז דאָס קינד וועט איר שטערן אין איר קאַריערע. וויפל איך האָב זיך באַמיט איר איבערצוצייגן, אַז איך וועל אַכטונג געבן אויפן קינד, האָט גאָרנישט געהאָלפן. אַן אינטעליגענטע פרוי, אַ לערערין, געהאַט קאָנטשאַפט מיט אַ דאָקטאָר, אַ יוגנט פריינט אירער, און ער איז געווען איר מלאך המות... איך קאָן זיך נישט באַרואיקן. און אַזוי פאַרברענג איך די טעג, וואַנדערנדיק פון איין פלאַסע צו דער צווייטער, צוקוקנדיק זיך ווי די קינדער שפילן זיך. איך טראַכט ביי זיך: וואָס וואָלט מיר געפעלט, ווען איינס פון אָט די קינדער, וואָלט געווען מיין אייניקל און איך וואָלט געהאַט די טאָכטער... דער איידעם מיינער וועט זיך דאָך געוויס נאָך אַ שטיקל צייט אָפזוכן אַ צווייטע פרוי. דאָס איז דאָך אַ נאַטירלעכע זאַך. און אַמאַליאַס יונגע ביינער וועלן פוילן אין דער ערד...

אין שרהס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. אין דעם מאָמענט האָט זי איבערגעלעבט איר פערזענלעכע לאַגע, און אויפן אָרט האָט זי געפאַסט אַ באַשלוס, אַז אויב די נאַטור שענקט איר אַ קינד אין אירע מיטעלע יאָרן, דאַרף זי עס מיט פרייד און צופרידנקייט אויפנעמען, נישט רעכענען זיך מיט יענעמס מיינונג. דעמאָלט, ווען עס האַנדלט זיך אין איר פערזענלעכן גליק און זאָגנדיק דער פרוי אַ פּאָר טרייסט־ווערטער, האָט זיך שרה גע־זעגנט און אין געדאַנק געטראַכט, אַז עפּעס אַ גוטער מלאך האָט די פרוי צוגעשיקט אין פאַסנדיקן מאָמענט.

ווייזט אויס, אַז דער דאָקטאָר איז געווען גערעכט, מיט זיין באַמער־קונג, אַז יעדע זאַך וואָס קומט אומדערוואַרט, זעט אויס אויפן ערשטן מאָמענט אומוואַרשיינלעך. דורך די צוויי שעה, וואָס שרה האָט זיך פאַר־זאַמט אויף דער פלאַסע, אין איר געשפרעך מיט דער אומבאַקאַנטער פרוי, האָט זי זיך איבערצייגט, אַז מען דאַרף זיך נאָר איינלעבן אינעם געדאַנק, אַז אַזוי און נישט אַנדערש דאַרף עס זיין, ווערט עס אַ נאַטירלעכע זאַך.

מיט געציילטע שעהן צוריק, האָט שרה ביי זיך געטראַכט, אַז דאָס וואָס קומט אויף איר, איז שיער נישט ווי אַן אומגליק; איצט האָט זי עס באַטראַכט ווי דאָס גרעסטע גליק.

אין אַ האָפערדיקער שטימונג איז זי איבערגעטראָטן איר היים און

מיט אַ מינע ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן איר ערשט קינד, וואָס זי דאַרף געבוירן, האָט זי די נייס איבערגעגעבן איר מאַן.

זלמן האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט און אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיין פנים. זאָגנדיק דערביי, אַז אין אַ יאָר אַרום ווערט ער אַלט פופציק יאָר, דאָס וועט זיין די שענסטע מתנה וואָס די נאַטור וועט זיי שענקען צו זיין יובילײ.

דעם זעלביקן אָוונט האָט שרה צוויסן געגעבן די נייס אירע קינ־דער און זיי האָבן זי אויפגענומען פאַרשיידן. די עלטערע טאָכטער, אַרומ־נעמענדיק די מוטער, האָט זיך צעקושט מיט איר, זאָגנדיק דערביי, אַז אַ חוץ אַ מאַמע באַטראַכט זי זי איצט ווי אַ חברטע; קאַרלאָטאַ, די ייִנגס־טע, האָט זיך פאַרשייט צעלאַכט, זאָגנדיק דערביי: „מיינע חברטעס, ווען זיי וועלן געוווּיר ווערן, וועלן זיי שטאַרבן פון געלעכטער״.

אַביסל באַרואיקט פון דעם אַלעם, האָבן מאַן און ווייב אָנגעהייבן טראַכטן פון דער נאָענטער צייט. שרה וועלטשער האָט אירע פיר קינדער געבוירן אין פאַרשיידענע שפּיטעלער אין בוענאָס־איירעס. ביי די איצ־טיקע באַדינגונגען האָבן שווער און איידעם פאַרשריבן זייערע פרויען אין אַן ערשטראַנגיקער סאַנאַטאָריע, נישט זשאַלעווענדיק קיין געלט.

ענדלעך איז געקומען דער לאַנג־דערוואַרטער טאָג. די צוויי פרויען: מאַמע און טאָכטער, וואָס זענען געווען אויף דער צייט, האָבן זיך אינטער־נירט אין דער סאַנאַטאָריע, מיט אַ דיפערענץ פון אַ וואָך צייט, האָבן די צוויי פרויען געבוירן יינגלעך, אייגס שענער און גרעסער פון צווייטן.

טאָג איין, טאָג אויס, זעט מען די צוויי פרויען — מאַמע און טאָכ־טער — פירן די קינדער־וועגעלעך צו דער פּלאַסע. צוליב זייער ענלעכ־קייט ווערן זיי פון אומבאַקאַנטע מענטשן באַטראַכט ווי צוויי שוועסטער. פון זייערע צופרידענע, לייכטנדיקע פנימער פילט מען אַרויס, אַז זיי זע־נען די גליקלעכסטע מאַמעס אין דער וועלט.

# אַ ווידוי פון אַ פרוי

דאָס רייכע לוקסוסדיקע דעפּאַרטאַמענט, וואָס עס האָט באַוויזנט דער טעקסטיל־פאַבריקאַנט סעניאָר מאַריאָ באַרגמאַן, איז געווען אַן אָכט־שטאָ־קיקע געביידע, אויסגעשטאַט מיט קאָמפאָרט, נישט לאַנג פאַרענדיקט, אין דעם אַריסטאָקראַטישן פּאַלערמאָ־געגנט. מאַריאָ באַרגמאַן האָט געהאַט אַ געוווינהייט צו באַנייען יעדעס הויז וואָס ער פלעגט אין די לעצטע צייטן האַלטן אין איין בויען אין פאַרשיידענע געגנטן פון בוענאָס־איירעס.

געווען איז עס אין די מאָרגן־שעהן מיט אַ צייט צוריק. ער האָט נאָרוואָס געהאָט פאַרענדיקט זיין טואַלעט. דאָס דינסטמיידל האָט אים דערלאַנגט אַ טעפּעלע שמעקעדיקע קאַווע, וואָס דער אַראָמאַט האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער וווינונג און איבערגעלאָזט אַן אנגענעמען ריח. דער „קאַדיזשאַק" איז שוין געשטאַנען גרייט ביים טויער פון זיין הויז. פון אַ דערבייאיקן גאַראַזש פלעגט מען אים צושטעלן יעדן פרימאָרגן אַן אויסגערייניקטן און אַן אויסגעפּוצטן, גרייט אָפּצופאָרן צו דער פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען אין וויזשאַ לינטש.

פאַרן פאַרלאָזן די וווינונג איז ער אַריין אין שלאָפצימער. זיין פרוי איז נאָך געשלאָפן. ער האָט איר געגעבן אַ קוש און אויך געקושט זייגע צוויי קינדער. פּלוצלינג האָט דער טעלעפאָן זיך צעקלונגען און אַן אומ־באַקאַנטע פרויען־שטים האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף זיין פערזאָן. אויף דער פראַגע, וואָס פאַרלאַנגט זי, האָט ער באַקומען אַן ענטפער, אַז ער מוז דרינגענדיק קומען אויף אַן אַדרעס וואָס זי האָט אים געגעבן. אַ פרוי, וואַנדאַ קאַזימיערסקאַ, דאַרף מיט אים דרינגענדיק ריידן און ער זאָל אַן שום צייט־פאַרלוסט גלייך קומען.

אויפן מאָמענט האָט ער געמיינט, אַז עס איז אַ טעות. ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען וואָס פאַראַ שייכות האָט ער מיט אַ פרוי מיט

אַזאַ קלינגענדיקן פּוילישן נאָמען. נישט פּריוואַט און נישט קאָמערציעל האָט ער געהאַט וועלכע ס׳איז געשעפטן מיט דער פרוי; אָבער די שטים איז געווען צודרינגלעך, ממש געבעטן... עס האַנדלט זיך אין אַ לעבנס־פראַגע. מיטן צוזאָג גלייך צו קומען, האָט מאַריאַ אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל פון טעלעפאָן־אַפּאַראַט און געלאָזט זיך צום אַרויסגאַנג.

אַריינזעצנדיק זיך אין קאַטש, האָט ער חרטה באַקומען וואָס ער האָט צוגעזאָגט צו קומען צו דער אומבאַקאַנטער פרוי. ער האָט זיך דערמאָנט אין די געשעפטלעכע פליכטן וואָס דערוואַרטן אים אין דער פאַבריק, די מענטשן וואָס ער דאַרף אויפנעמען. די נישט אָפּלייגבאַרע אונטערשריפטן פון פאַרשיידענע דאָקומענטן און טשעקן, זאַכן וואָס ווערן דערליידיקט אין די פרימאָרגן־שעהן.

מאַריאַ איז געווען אַ זעלטן אַרבעטזאַמער מענטש, זעלטן ער זאָל פעלן אין דער פאַבריק. ער איז געווען אַ פּינקטלעכער אין דער פאַבריק, וואָס האָט פאַרנומען אַ גאַנצע „מאַנסאַנאַ” און ווו עס האָבן געאַרבעט אַ פּאָר הונדערט מענטשן. זיין פאַבריק האָט אויסגעאַרבעט די בעסטע מע־נער־שטאָפן פון לאַנד. די פאַבריק האָט געהאַט אירע איינקויפערס אין אַלע געגנטן פון לאַנד, כדי צו קויפן רויע וואָל. די זעלבע פלעגט נאָכער געשיקט ווערן קיין ענגלאַנד. דאָרט האָט מען די וואָל געוואַשן און געפאַרבט. און שפּעטער צוריקגעבראַכט קיין אַרגענטינע. זיינע שטאָפן זענען געווען פון דער בעסטער קוואַליטעט. די פאַבריק האָט נישט געקאָנט נאָכקומען אַלע באַשטעלונגען וואָס זי פלעגט באַקומען פון אירע קליענטן, אין די ווייטס־טע ווינקלען פון דער רעפּובליק און פון אויסלאַנד.

אויף אַלע אויסשטעלונגען, וואָס מען פלעגט פון צייט צו צייט אַר־גאַניזירן, האָט די פאַבריק שטענדיק באַקומען די ערשטע פּרעמיע. נישט לאַנג צוריק האָט די פאַבריק געפייערט די צוואַנציק־יעריקע עקזיסטענץ זינט זי איז געגרינדעט געוואָרן פון מאַריאַס פאָטער, יואל באַרגמאַן, אַ פּוילישער ייד, געבוירן אין אַ קליין שטעטל נעבן לאָדזש. פון פאַך — אַ וועבער. מאַריאַ — דער פאָטער זיינער פלעגט אים רופן מאירל — איז אויפגעוואַקסן צוזאַמען מיט דער פאַבריק.

אַלס צוועלף־יאָריק יינגל איז ער געקומען, צוזאַמען מיט זיין מוטער,

אַ ברודער און אַ שוועסטערל, קיין בוענאָס־איירעס. דער פּאָטער זיינער האָט זיי אַריבערגעבראַכט אין לאַנד נאָך אַ צייט פון פינף יאָר. מאַריאַ, געדענקט גאַנץ גוט יענע צייטן, מיט וואָס פאַר אַ לעבערלעך קליינער סומע געלט און פּרימיטיווע מיטלען דער פּאָטער זיינער האָט אָנגעהייבן צו אַרבעטן; מיט וויפל אָנשטרענגונג ער האָט איינגעקויפט די ערשטע וועבשטול. זיי האָבן דעמאָלט געוווינט אין פועבלאָ אַלסינאַ, דאָס פאַר־שטעטל פון בוענאָס־איירעס. אַן אַרבעט־צענטער פון בלויז פאַבריקן, נישט ווייט פון ריאַטשועלאַ. ער געדענקט דאָס שטייענדיקע וואַסער, וואָס פלעגט אָפּפליסן פון די פאַבריקן, דעם ריח, וואָס האָט פאַרסמט די לופט. מענטשן וואָס פלעגן צופעליק קומען אין דער געגנט פלעגן זיך ווונדערן ווי מענטשן קאָנען דאָרט וווינען.

די דירה, וואָס דער פּאָטער האָט פאַר זיי צוגעגרייט, איז געווען אַ חרובע הייזקע, וואָס האָט אַפילו קיין עלעקטרישע באַלייכטונג נישט גע־האַט. מאַריאַ איז געווען דער עלטסטער. דער פּאָטער האָט אים באַלד צו־געצויגן צו זיין באַשעפטיקונג. צוגעהאָלפן האָט די גאַנצע פאַמיליע. ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן האָבן זיי געאַרבעט.

די מוטער, אַ קרענקלעכע פרוי, האָט אין דער געגנט נישט געקאָנט בלייבן. די לופט האָט איר געשאַדט. זי האָט געוווינט אין דער שטאָט ביי אַ וווייטער פאַמיליע. אַ פאָר יאָר האָבן זיי זיך אַזוי אָנגעמוטשעט. ביז דאָס רעדל האָט זיך איבערגעדרייט צום גוטן. דער פּאָטער, זייער אַ גו־טער פאַכמאַן, האָט אָנגעהייבן אויסצואַרבעטן שטאָפן פון הויכער קוואַ־ליטעט. ער איז געווען ראַיעל אין מסחר, זיין וואָרט איז געווען אַ וואָרט. סוחרים פלעגן אים געבן געלט אין פאָרויס, אַבי ער זאָל נאָר צושטעלן סחורה. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די פאַבריק האָט זיך אָנגעהייבן פאַרגרעסערן, וואָס אַמאָל מער און מער...

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה האָט זיך די פאַבריק אַזוי צעוואַקסן, גאָרנישט צו גלייבן און צו דערקענען. מאַריאַ איז געווען די רעכטע האַנט פון זיין פּאָטער. ער איז געווען געראָטן אין אים, סיי פיזיש, סיי אין פע־איקייטן פאַר מסחר. הכלל, עס איז געווען אויף וועמען צו פאַרלאָזן זיך.

דאָקעגן, דער ייִנגערער ברודער און דאָס זעלביקע די שוועסטער, האָבן בעסער געוואָלט שטודירן און זיי האָבן אַרויסגעוויזן התמדה אין לערנען.

די געשעפטן האָבן אָנגעהייבן צו גיין בעסער ווי גוט. יואל באַרג־מאַן איז אַריין אין אַמביציע. כאָטש אליין זון אַ דאָקטאָר האָט ער געוואָלט האָבן. ער האָט צוגענומען די בעסטע פּראָפעסאָרן צו דערציִען די צווייי דריי יאָר, וואָס די קינדער זענען געווען הינטערשטעליק אין זייער שטו־דיום.

אין אַ געוויסער מאָס האָט ער זיינס דערגרייכט. די קינדער האָבן אָנגעהייבן גיין אין אוניווערזיטעט. ער איז געווען שטאָלץ מיט זיי. יואל איז געווען אַ געטרייער פּאַטער. אין זיין פּריוואַטן לעבן האָט ער איינגע־פירט די טראַדיציאָנעלע מידות אין אויפפירונג, וואָס ער האָט מיטגע־בראַכט פון דער אַלטער היים. אַלע יידישע יום־טובים זענען אין זיין היים געוואָרן אָפּגעהיט, כאָטש קיין רעליגיעזער איז ער נישט געווען. די לעצטע יאָרן, ווען ער איז געוואָרן אַ גרויסער גביר, האָבן זיינע חברים זיך באַמיט אים אַריינצוציען אין דער געזעלשאַפט, אַ זאַך וואָס איז זיי נישט געלונ־גען. יואל האָט געהאַט אַ תירוץ: ער איז שטאַרק באַשעפטיקט מיט זיינע מסחרים און ער האָט נישט קיין איבעריקע צייט אָפּצוגעבן פאַר כלל־זאַכן. דערפאַר פלעגט ער אָבער מיט אַ ברייטער האַנט געבן נדבות און ביי־שטייערונגען פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן. עס איז זעלטן ווער אַוועקגע־גאַנגען פון אים מיט ליידיקן. די נויט און אָרעמקייט אַמאָל זענען אים גוט געלעגן אין די ביינער. ער האָט עס אַזוי לייכט נישט געקאָנט פאַר־געסן.

מיט קיין גאָר באַזונדערער אינטעליגענץ האָט ער זיך נישט אויסגע־צייכנט. קוים געענדיקט דעם חדר, האָט ער אַלס יונג ייִנגל געמוזט גיין אַרבעטן, אַרויסהעלפן אין דער פּרנסה זיינע עלטערן, ביטערע אָרעמעליים. ער האָט זייער יונג חתונה געהאַט. צו 27 יאָר איז ער שוין געווען אַ פּאַ־טער פון דריי קינדער. די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין דעמאָלטיקן פּוילן האָבן אים געצוווּנגען צו עמיגרירן, און פּונקט ווי אַ סך אַנדערע, האָט ער אויסגעקליבן אַרגענטינע. ער האָט געהאַט אין בוענאָס־איירעס ווייטע קרובים פון זעלביקן פאַך. אין די בריוו האָבן זיי אים קיין גליקן נישט

צוגעזאָגט. אָבער קענענדיק אים אַלס גוטן פּאַכמאַן, פלעגן זיי אים שרייבן אַז די גליקן וואָס ער האָט אין פּוילן, וועט ער דאָ צו יעדער צייט האָבן. יואל איז געקומען קיין אַרגענטינע אין יאָר 1928. פינף יאָר צייט האָט געדויערט ביז ער איז געווען אומשטאַנד אַריבערצוברענגען זיין פאַמיליע.

ווי געזאָגט, איז אים די ערשטע צייט געגאַנגען גאָר שלעכט. אָבער שטופנווייז האָט ער זיך אָנגעהייבן אַרויפּאַרבעטן און ווען געלט האָט שוין נישט געשפּילט ביי אים די הויפּט־ראָלע, האָט די פרוי זיינע אָנגעהייבן ליידן פון אַן ערנסטער קראַנקייט. דאָקטוירים האָבן אים געראָטן, אַז ער זאָל די פרוי איינאָרדענען אין קאָרדאָבאַ אַלס סטאַביל וווינאָרט, ווייל די בוענאָס־איירעסער לופט מיט די פייכטע וועטערן זענען סם פאַר אירע לונגען. אַזוי האָט ער געטאָן. די ערשטע צייט פלעגט ער זיין פרוי וועכנטלעך וויזיטירן. שפּעטער, ווען די געשעפטן האָבן אָנגעהייבן צו פּראָגרעסירן אין אַזאַ פאַרנעם, וואָס ער האָט פריער אַפילו נישט געוואָגט צו חלומען, פלעגן זיינע וויזיטן צו זיין פרוי פאָרקומען נישט אַזוי רעגולער, נאָר בלויז ווען ער האָט געהאַט איבעריקע צייט. די טאָכטער זיינע, וואָס האָט זיך אַזוי גוט געלערנט, האָט געמוזט אויפגעבן איר שטודיום, כדי צו באַגלייטן איר מוטער.

דאָס איז געווען דער איינציקער שוואַכער פּונקט אין זייער פאַמיליערן צוזאַמענלעבן. אויסער אויף שמחות ביי גאָר נאָענטע קרובים, וואָס צוליב דעם פלעגט זיין פרוי ספּעציעל קומען פון קאָרדאָבאַ, פלעגט ער יאָרנלאַנג זיין איינזאַם, שטענדיק אַליין. ווען די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, האָבן זיי זיך אויסגעזוכט זייער געזעלשאַפט. דאָס האָט אויך געווירקט דערצו, אַז מאַריאַ זאָל יוגג חתונה האָבן. דער פאָטער אַליין האָט אים צוגערעדט, מיינענדיק צו שאַפן זיך אַ פאַמיליערן ווינקל.

דער יונגערער זון האָט שטודירט, דערווייל נישט אין זינען געהאַט חתונה צו האָבן. מיט דער טאָכטער האָט ער געהאַט אַספּיראַציעס צו טאָן דעם בעסטן שידוך. אין קיין געלט איז קיין מניעה נישט געווען.

בעת איינעם פון די וויזיטן, וואָס יואל האָט געמאַכט זיין פרוי, מיט פיר יאָר צוריק, ווען ער איז צוריקגעפאָרן קיין בוענאָס־איירעס, איז געשען דאָס אומגליק. ביים פרוון איבער יאָגן אַ קאָטש, וואָס איז געפאָרן

לאַנגזאַם, און צוליב אַ שלעכטן מאַנעווער, איז זיין אויטאָ אַראָפּ פון וועג, אַריינגעפאַלן אין אַ ראָוו פון עטלעכע מעטער די טיף. ביים אַראָפּפאַלן האָט דער טאַנק אויפגעריסן. עס האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה. דער אויטאָ איז געווען אַ פאַרמאַכטער. יואל האָט פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין. עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט ער זאָל זיך קאָנען ראַטעווען. און אַט ביי אַזעלכע טראַגישע אומשטענדן האָט ער פאַרלוירן דאָס לעבן, ווען ער איז נאָך קיין פופציק יאָר נישט אַלט געווען.

די קאָטשן, וואָס זענען באַלד אָנגעקומען, האָבן גאָרנישט געקאָנט העלפן. עס איז געווען אינמיטן דער נאַכט, ווייט פון אַ ישוב. ווען די וועג־פּאָליציי איז אָנגעקומען, האָט זי שוין בלויז געקאָנט פעסטשטעלן דאָס אומגליק. עס איז גלייך אַרויסגערופן געוואָרן מאַריאָ. אין דעם מאָ־מענט האָט ער בלויז געטראַכט פון דער מוטער. ביי איר שוואַכן געזונט־צושטאַנד, ווי וועט עס ווירקן אויף איר? מען האָט דעם בר־מינן געבראַכט קיין בוענאָס־איירעס. אין צוויי טעג אַרום איז פאָרגעקומען די לויה, וואָס איז געווען זייער אַן איינדרוקספולע. מענטשן האָבן קאָמענטירט דעם טרויעריקן פאַל, וואָס אַ מענטש האָט אַלע יאָרן געהאָרעוועט שווער און ביטער און ווען ער האָט שוין געקאָנט אָנהייבן געניסן פונעם לעבן, האָט זיך זיין לעבן אַזוי טראַגיש פאַרענדיקט...

די פאַמיליע האָט זייער געטרויערט נאָך יואלן. די פרוי איז חדשים־לאַנג געלעגן צו בעט, נישט צולאָזנדיק קיינעם צו זיך, אויסער די קינדער. עס איז אָבער פאַראַן אַ שפּריכוואָרט, אַז וואָס די ערד דעקט צו, מוז פאַר־געסן ווערן. מאַריאָ איז געוואָרן דער פולשטענדיקער בעל־הבית פון דעם גרויסן פאַרמעגן, וואָס דער פאָטער האָט איבערגעלאָזט. די פאַבריק האָט זיך ריזיק צעוואַקסן. פון דעם איבערפלוס פון געלט, וואָס פלעגט פליסן פון אַלע זייטן, האָט מאַריאָ זיך אַריינגעלאָזט אין גרויסע געשעפטן, גע־בויט הייזער, טשאַלעטן. ער האָט געהאַט אַ זעלטענעם חוש פאַר מסחר. דער ברודער האָט דורך דער צייט זיך גראַדויִרט אַלס דאָקטאָר־מעדיצין מיט אויסצייכענונגען. די שוועסטער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אינזשי־ניער פון קאָרדאָבאַ, ווו זי האָט זיך פיין איינגעאָרדנט. די מוטער איז

געווען מיט איר. איר געזונט־צושטאַנד איז וואָס אַמאָל ערגער געוואָרן. די לאַגע פון דער פאַמיליע האָט זיך באַרמאַליזירט.

און אָט קומען מיר צו צו דעם טאָג, ווען מאַריאַ האָט באַקומען דעם טעלעפאָנישן רוף. פאָרנדיק צו דער פאַבריק, האָט ער זיך אָנגעצייכנט אַלע זאַכן וואָס ער דאַרף דערליידיקן. ווען ער איז פאַרבייגעפאָרן די גאַס קאַבילדאָ אין די פיר טויזנטער, האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם צוזאָג, וואָס ער האָט געמאַכט. אויס נייגעריקייט, האָט ער ביי זיך געטראַכט, וועט ער מאַכן אַ קורצן באַזוך אויף איינציקע מינוט. געווען איז עס טאַקע אין יע־נער געגנט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ נייער געביידע, אויפגעבויט אין קאָלאָניאַלן סטיל. עס האָט אים געעפנט די טיר אַ מיידל פון אַ יאָר 15־16, פון אַ שיינעם אויסזען. אַ הויכגעוואַקסיקע, מער ווי פאַר איר עלטער, אַ בלאָנדער קאָפּ האָר און בלויע אויגן. עס האָט אים אויפגעטויכט אין גע־דאַנק, אַז אַזעלכע מיידלעך פלעגט ער זען אין פוילן. ווייזט אויס, אַז דאָס מיידל האָט געוואַרט אויף זיין קומען. זי האָט אים גלייך פאַרבעטן אַריינ־צוקומען.

ביי אַ געדעמפּטן ליכט־שיין, וואָס האָט געמאַכט האַלב טונקל דאָס צימער, האָט ער באַמערקט ליגן אין בעט אַ פרוי, וואָס האָט שטאַרק גע־קוקט אויף אים. די פרוי איז אים פאַרגעקומען קענטלעך. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ביי זיין פאָטערס לויה, ווו זי איז געווען אָנוועזנדיק, האָט זי גערופן די אויפמערקזאַמקייט מיט איר האַלטונג, מיט איר ספּאַזמאַטיש וויינען אויפן הויכן קול. די אָנוועזנדיקע, פאַר וועמען זי איז געווען אומ־באַקאַנט, פונקט ווי פאַר מאַריאַן, האָבן זיך נאָכגעפרעגט ווער די פרוי איז. די מוטער האָט דעמאָלט אויפגעקלערט, אַז די פרוי שטאַמט פון דעם זעלביקן שטעטל אין פוילן. אַ פּוילישע אַקטריסע, אַ שיפס־שוועסטער פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן.

מאַריאַ דערמאָנט זיך איצט, אַז דאָס מיידל איז אויך בייגעווען די לויה, נאָר דעמאָלט, מיט פיר יאָר צוריק, איז זי געווען באַדייטנדיק ני־דעריקער. דורך דער צייט איז זי אויפגעוואַקסן, גאָרנישט צו דערקענען. ער האָט זיך אויך נישט געקאַנט אָפּוונדערן וואָס פון דער פרוי איז גע־

ווארן. דעמאָלט האָט זי געגרופן די אויפמערקזאַמקייט מיט דיר שיינקייט: אַ הויכגעוויקסיקע, אַ מאַסיווע, אַ דיקלעכע, אָבער מיט אַ בייגעוודיקן קערפּער. אַ בלאָנדע, מיט אַביסל אַ פאַרריסן נעזל, וואָס מען זעט עס ביי די „סלאַווישע פעלקער. אָבער וואָס האָט ער געזען איצט, אין דעם מאָ־מענט פון זיין אַריינקומען אין צימער? אין בעט איז געלעגן אַ בינטל הויט און ביינער מיט אַן אויסגעצערט מאָגער פּנים. עס האָבן נאָך גע־האנגען אויגן־לעפּלעך פון אַ גרעסערער גרייס, ווי מען זעט עס ביי מענטשן וואָס ווערן פּלוצלינג מאָגער. נאָר אירע בליקן האָבן פיבערדיק געוואַנדערט איבער מאַריאָס פיגור. אייניקע מינוטן האָט אַזוי אָנגעהאַלטן די שטיל־קייט. ביז די פרוי האָט עס איבערגעריסן, ווענדנדיק זיך צום מיידל אויף פּויליש, וואָס מאַריאָ האָט פאַרשטאַנען: „יאַדוויגאַ, פאַרלאָז דאָס צימער, איך דאַרף עפּעס ריידן מיט דעם הער".

אַוועקזעצנדיק זיך נעבן בעט פון דער פרוי, האָט מאַריאָ באַמערקט אַ קליין טישעלע, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען צענדליקער רפואה־פלעשעלעך, אַ קליין מיניאַטור־בילדל איינגערעמט. אין דער טונקלקייט האָט ער ריכטיק נישט געקאָנט אונטערשיידן דאָס פּנים. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס בילדל איז פון זיין פאָטער, אַראָפּגענומען מיט אַ סך יאָרן צוריק. זיין נייגעריקייט איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט. ער האָט אין דעם מאָמענט געפילט אַז עפּעס וויכטיקעס וועט ער איצט הערן פון דער פרוי. אָבער וואָס די פרוי האָט אים איבערגעגעבן, האָט מאַריאָס פאַנטאַזיע זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן.

זי האָט אָנגעהייבן ריידן מיט אַ זייער שוואַכער און ציטערדיקער שטים, צוערשט אויף פּויליש און שפּעטער אַריבערגעגאַנגען אויף דער לאַנד־שפּראַך. זי האָט אים געזאָגט, אַז עס האָט איר געקאָסט אַ סך מי און געזונט איידער זי האָט זיך אַנטשלאָסן אים צו רופן. זי האָט געפילט, אַז אירע טעג זענען געציילטע און אַז זי וועט זיך פון בעט מער נישט אויפהייבן... ווען נישט יאַדוויגאַ וואָלט זי דעם סוד מיטגענומען מיט זיך אין קבר. איבערצלמענדיק זיך און אָננעמענדיק מאַריאָס האַנט, וואָס זי האָט אַרויפגעלייגט אויף איר האַרץ, און שעפּטשענדיק צוערשט אַ תפילה אין פּויליש, וואָס מאַריאָ האָט קוים פאַרשטאַנען דעם באַדייט, האָט זי צו

אים געזאָגט: מאַיאָרעק, זאָלסט וויסן זיין, אַז יאַדוויגאַ איז דיין שוועס־טער...

די ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון דער שטאַרבנדיקער פרוי מיט אַזאַ הייליקן אויפריכטיקן ציטער, אַז עס האָט נישט געלאָזט ביי מאַריאַן דעם מינדסטן צווייפל אין דער ריכטיקייט פון איר ווידוי... ווי איבעררעשט ער איז געווען פון דעם בילד, האָט ער סטאָיש אויפגע־נומען די ווערטער פון דער פרוי. ער האָט געפילט, אַז עס קומט דער פרוי אַן שוועד צו ריידן. אַ זעלישע שטימונג האָט אים אין דעם מאָמענט באַהערשט. צוקוקנדיק זיך אויף דער קראַנקער, האָט אים אַ רחמנות־גע־פיל אַרומגענומען. ער האָט געפילט ווי טרערן הייבן אים אָן זיך צו שטעלן אין די אויגן...

ער האָט קיין שום האַס נישט געפילט צום פאָטער אין דעם מאָמענט. ביי זיינע עטלעכע דרייסיק יאָר האָט ער גוט פאַרשטאַנען און געקענט דאָס לעבן. איין געדאַנק האָט אין אים איבערגעיאָגט דעם צווייטן. ער האָט זיך דערמאָנט דאָס פאַמיליע־לעבן וואָס זיין פאָטער האָט געפירט. ער, אין בוענאָס־איירעס, מיט זיינע געשעפטן; די מוטער, אַ קרענקלעכע, אין קאָרדאָבאַ. ער האָט אַלץ גוט פאַרשטאַנען... אָבער אייניקע זאַכן זע־נען אים נישט געווען קלאָר. ער האָט באַגריפן די ערנסטקייט פון דעם מאָמענט. ער האָט נישט געוואָלט פאַרלירן קיין וואָרט פון דער פרויס ווערטער. אַלע פאָר מינוט פלעגט זי אָפּכאַפּן דעם אָטעם און בלייבן שטיל. ער האָט פאַרגעסן אָן זיינע געשעפטן און פאַרפליכטונגען, וואָס דערוואַרטן אים אין דער פאַבריק. איין באַגער האָט ער געהאט אין דעם מאָמענט: די פרוי זאָל ריידן, ריידן...

— דו קאָנסט מיך נישט געדענקען — האָט זי ווייטער געשטאַמלט, — עס זענען פון דעם שוין אָפּגעלאָפן אַ סך יאָרן. איך קען דיך נאָך אַלס קינד. מיט דיין פאָטער האָבן מיר זיך דערצויגן כמעט אין איין גאַס פון דעם קליינעם שטעטל אין פוילן... כאָטש מיר האָבן קיין חברשאַפט נישט געפירט, צוליב די אומשטענדן וואָס האָבן געהערשט אין פוילן. דער צו־פאַל האָט געוואָלט, אַז ווען מיין שפּעטערדיקער מאַן, ווען ער איז געווען אַ חתן פאַר מיר, אין דער צייט ווען די רויטע אַרמיי איז געשטאַנען פאַר

די טויערן פון וואַרשע, אין יאָר 1920, האָט מען אים צוגענומען אין מי־ליטער, צוזאַמען מיט דיין פאָטער. דעמאָלט האָבן מיר זיך מער באַפריינ־דעט. דינענדיק צוזאַמען אין איין פאָלק, האָט זיך פאַרבונדן אַ חברשאַפט צווישן זיי, אַ חברשאַפט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַפילו ווען זיי זענען שפּעטער דעמאָביליזירט געוואָרן... מיר האָבן זחתונה געהאַט כמעט אין איין צייט, און דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן צוזאַמען קומען צופאָרן קיין אַרגענטינע, אויף דער זעלביקער שיף. דער אונטערשייד איז נאָר געווען, וואָס איך בין געקומען אַהער מיט מיין מאַן און אַ קינד, און דיין פאָטער איז געקומען אַליין, איבערלאָזנדיק אייך אין דער אַלטער היים... דיין פאָטער האָט אָנגעהאַלטן די פריינטשאַפט פון אַמאָל. ער פלעגט אונדז פון צייט צו צייט באַזוכן. מיר פלעגן אים אויפנעמען ווי אַן אייגענעם. קאָרעקט איז זיין אויפפירונג ביז גאָר. עס וואָלט אונדז קיינמאָל נישט איינגעפאַלן אַז עס וועט צווישן אונדז קומען צו אַן אינ־טימער פריינשאַפט... מיין מאַן האָט געאַרבעט אין אַ „פריגאָריפיקאָ“, אין אַ קליין שטעטל נעבן בוענאָס־איירעס. מיר האָבן געפירט אַ באַשיידן, אָבער אַ צופרידן לעבן. מיר האָבן אָפגעשפּאָרט אַן אייגן שטיבל. אָבער מיטאַמאָל, נאָך אייניקע יאָר שווערער אַרבעט, איז מיין מאַן פּלוצלינג קראַנק געוואָרן. אַלע באַמיאונגען אים צו ראַטעווען זענען נישט געלונגען. ער איז געגאַנגען זיין לעצטן וועג. איך בין געבליבן אַן מיטלען צום לעבן. דיין פאָטער האָט זיך אָנגעהייבן מיט מיר צו פאַראינטערעסירן. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען זיינע געשעפטן האָבן אָנגעהייבן צו גיין גוט...

— איך וויל, זאָלסט פאַרשטיין, מאַיאָרעק, דאָס לעבן... זאָלסט נישט באַשולדיקן דיין פאָטער און נישט מיך... האָסט נישט קיין רעכט פאַר דעם. איך פיל, אַז אין קורצן וועל איך זיך דאַרפן שטעלן פאַר אַ העכערן גע־ריכט... פאַרן געריכט וועל איך זיך דאַרפן פאַרענטפערן און פון אים וועל איך געמשפט ווערן. אָבער דאָ האַנדלט זיך נישט פון מיר, דאָ האַנדלט זיך פון יאַדוויגאַן... דער זון מיינער איז דערצויגן געוואָרן אָן אַ פאָטער, ער איז געגאַנגען אין שלעכטע וועגן. וואָס פון אים איז געוואָרן, ווייס איך נישט. ער איז פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין. אָבער יאַדוויגאַ איז אַ ווויל קינד. דיין פאָטער פלעגט זי אויסערגעוויינלעך ליב האָבן...

אין דער צייט, ווען איך האָב פאַרשוואָנגערט, האָב איך געוואָלט פאַר־מיידן דעם געבורט, אָבער דיין פאָטער האָט צו דעם נישט דערלאָזט...

זי האָט געמאַכט אַ פּויזע, שווער אָפּגעאָטעמט און ווייטער גערעדט:

— דער פּלוצימדיקער טויט פון דיין פאָטער האָט מיך און יאַדוויגאַן געטראָפן ווי אַ דונער אינמיטן פון אַ שיינעם זומער־טאָג. ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער געוויס געוועזן געזאָרגט פאַר זיין קינד... זינט דיין פאָ־טערס טויט, האָב איך אָנגעהייבן צו קרענקען. אַ קראַנקע פלעג איך מוזן גיין אַרבעטן אויף צו פאַרדינען פאַרן לעבן. דיין פאָטער פלעגט נאָר אַזוי פיל געבן ווי אויסצוהאַלטן זיך. מיט דעם פלעג איך זיך צופרידנשטעלן. איך האָב קיינמאָל ניט געזוכט אויסצונוצן קיינעם און דייך פאָטער אוודאי נישט... דורך די פיר יאָר זינט דיין פאָטער איז געשטאָרבן, האָב איך אייך קיין איין מאָל נישט באַלעסטיקט. אָבער דער געדאַנק, אַז איך גיי אַוועק, איבערלאָזנדיק יאַדוויגאַן אָן מיטלען צום לעבן און קיין שום נאָענטן מענטשן, האָט מיך באַוויגן דיך צו רופן... ליידער, אויסער מיינע אויפ־ריכטיקע ווערטער, וואָס זענען די לעצטע פון אַ שטאַרבנדיקן מענטש, קאָן איך מער נישט אויפווייזן. דו וועסט מיר צוזאָגן, אַז דו וועסט זיך פאַר־אינטערעסירן מיט יאַדוויגאַן, וועל איך רואיק שטאַרבן...

מאַריאָ האָט זיך אויפגעשטעלט, עס איז שוין געוועזן צו באַמערקן, אַז די קראַנקע האָט זיך באַדייטנדיק פאַרענדערט. ער האָט אַריינגערופן יאַדוויגאַן, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין הויף אַ וויינענדיקע. מען האָט שנעל אַרויסגערופן דעם דאָקטאָר. ער האָט דערקלערט, אַז די שעהן זענען געציילטע פאַר דער קראַנקער פרוי.

מאַריאָ האָט אָנגעהייבן צו באַטראַכטן דאָס מיידל פון דער נאָענט. דער אינסטינקט און אַן אינערלעכע שטים האָט אים געזאָגט, אַז אַלץ וואָס די פרוי האָט אים געזאָגט איז דער ריינער אמת. ער האָט געפילט, אַז דאָס דערוואַקסן קינד, וואָס שטייט נעבן אים, איז בלוט פון זיין בלוט און פלייש פון זיין פלייש. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און קניען־דיק האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט נעבן בעט. די קראַנקע פרוי האָט עס באַ־מערקט. זי האָט זיך באַמיט אויפצוהייבן דעם קאָפּ און געוואָלט עפּעס זאָגן. זי האָט עס שוין נישט געקאָנט באַווייזן צו טאָן... קראַמפּהאַפטיק

האָט זי זיי אָנגעכאַפּט ביי די הענט, די הענט צוגעטראָגן צו די ליפּן. עס האָט זיך אויף זיי באַוויזן אַ שמייכל. דער לעצטער שמייכל פון דער פרוי.
מאַריאָ און יאַדוויגאַ האָבן זיך ביטער צעוויינט.

# וואָס די ערד דעקט צו

מיט צערפּולע אויגן און איינגהאַלטענעם אָטעם האָבן טאַטע־מאַמע געקוקט אויף זייער איינציק געליבט טעכטערל, וואָס איז אין אַ באַוווסט־לאָזן צושטאַנד געלעגן אין בעט. ס'האָט זיי געשניטן ביים האַרצן צו־זעענדיק ווי זייער איינציק קינד גייט אויס ווי אַ ליכט. איר יונג לעבן צאַנקט אונטער זייערע הענט.

עס איז שרעקלעך צו וואַרטן אויף דעם אומפאַרמיידלעכן סוף פון אַ נאָענטן מענטשן, ווען מען ווייסט, אַז קיין האָפענונג צו ראַטעווען איז נישטאָ, ווען דאָקטוירים זאָגן אָפּ דאָס לעבן... עס איז שרעקלעך דאָס זיצן ביים קראַנקן בעט אין די לאַנגע נעכט און קוקן אין חלל אַריין, נישט וויסנ־דיק ווו זיך אַהינצוטאָן. ס'איז ווייטיקלעך דאָס צוזען די ליידן פון דעם קראַנקן, וויסנדיק אַז מען קאָן אים מיט גאָרנישט העלפן אין לינדערן זיינע שמערצן. דאָס קאָן דערפירן אַ מענטשן ביז משוגעת. אין אַזעלכע מאָמענטן ווערט דער מענטש באַהערשט פון אַפּאַטיע און ווידערווילן צום לעבן. ס'קומען פאַרשיידענע געדאַנקען אין קאָפּ אַריין. אין אַזעלכע מאָ־מענטן מאַכט מען זיך אַ חשבון־הנפש און מען פרעגט זיך אַליין: פאַרוואָס קומט עס מיר? צו דעם אַלעם פּייניקט דאָס געוויסן: אפשר האָט מען עפּעס פאַרזען! מעגלעך מען האָט פאַרשפּעטיקט דאָס רופן אַ דאָקטאָר צו דער צייט...

טאַטע־מאַמע האָבן זיך אָנגעקוקט שטום, אָן אַ וואָרט אויסצורעדן. מיט אַ פּאָר שעה צוריק איז דאָ געווען אַ קאָנסוליום פון דריי פּראָפעסאָרן, וואָס דער הויז־דאָקטאָר, וואָס קומט שוין אַריין צו זיי אין שטוב אַ צייט פון צען יאָר, האָט פאַררופן. ביי זייער אַוועקגיין האָט דער טאַטע באַ־גלייטנדיק דעם הויז־דאָקטאָר ביז דער צו דער, געפרעגט:

— דאָקטאָר, זייט מיט מיר אָפנהאַרציק, איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען מיין איינציק קינד?

דער דאָקטאָר, גאָרנישט ווי זיין געוווינהייט, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד, אַרויסשטאַמלענדיק:

— ליידער, צום באַדויערן, איך האָב געטאָן אַלץ וואָס אין מיינע מעגלעכקייטן. פאַר אייער קינד איז נישטאָ קיין שום רעטונג!

דער טאַטע האָט סטאַיש אויפגענומען די דאָזיקע ווערטער. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט ער זיך געלאָזט גיין צו זיין דעפּאַרטאַמענט. אָן אַ וואָרט אויסצורעדן, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט נעבן בעט. די פרוי האָט אינסטינקטיוו זיך געגעבן רעכענונג און האָט אויסגעבראָכן אין אַ שרעקלעכן געוויין. אַ כאָרכלען אין האַלדז און אַן אָפּגעהאַקט אָטעמען האָט געגעבן צו וויסן, אַז דאָס קינד גוססט... אין געציילטע מינוטן האָבן שכנים אָנגעהייבן צו פאַרהענגען די שפּיגלען און דאָס וואַרעמע קערפּערל פונעם קינד אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, צודעקנדיק עס מיט אַ ליילעך.

***

שמעון און יוכבד האָראָוויץ זענען אין 1945טן יאָר געקומען קיין אַרגענטינע, געראַטעוועטע פון דער היטלער־קאַטאַסטראָפע אין דער אַלטער היים. דורכמאַכנדיק אַלע שבעה מדורי גיהינום, זענען זיי געווען כמעט פון די ערשטע פּליטים, וואָס האָבן באַטראָטן דעם אַרגענטינער באָדן. געקומען זענען זיי צו אַ נאָענטער פאַמיליע. שמעון איז געווען אַ גוטער פאַכמאַן אין דער שטריקער בראַנזשע. מען האָט אים איינגעאָרדנט אַ קליין טאַזשערל מיט איין מאַשין. ביידע יונגע מענטשן, מיט גרויס חשק צו אַרבעטן, האָבן אין אַ קורצער צייט זיך זייער שיין אַרויפגעאַרבעט. די איינציקע זאָרג ביי דער פאַמיליע איז געווען זייער קינד, יהודית, וואָס איז געווען אַ קרענקלעכס, געבוירן אין די לאַגערן ביי שווערע באַדינגונגען. מיט גרויס מסירת־נפש איז דער מאַמען געלונגען אויסצובאַהאַלטן דאָס פּיצעלע קינד. שפּעטער האָט זיך די פאַמיליע אָפּגעזוכט, זיך פאַראייניקט און אין בוענאָס־איירעס אָנגעהייבן פירן אַ נייַ פאַמיליע־לעבן.

יוכבד האָט דאָס קינד אירס אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט. זי האָט

געוווּסט, אַז מער קיין קינדער קאָן זי נישט האָבן. זי פלעגט באַזוכן די בעסטע דאָקטוירים, נישט זשאַלעווען קיין געלט. ווען ס'איז געקומען די צייט פון אַנטוויקלונג־פּעריאָד, איז יהודית ערנסט קראַנק געוואָרן. וויפל זיי האָבן זיך באַמיט זי צו ראַטעווען, איז זיי נישט געלונגען.

דאָס אַלץ האָט פסיכיש געווירקט אויף יוכבדן. זי פלעגט אַרומגיין טאָג און נאַכט און וויינען. די שטוב איז פול געווען מיטן קינדס זאַכן. יעדע מינוט פלעגט זי זיך דערמאָנען אין עפּעס אַנדערש. יעדער קעגנשטאַנד האָט אויפגעפרישט אין איר זכרון פאַרשיידענע עפּיזאָדן אין איר קינדס קורצן לעבן. פריינד, קרובים, וואָס זענען געקומען מנחם אבל זיין, פלעגט זי זיי אַזוי אויפנעמען, אַז זיי האָבן פאַרזאָגט אַ צענטן מער נישט צו גיין צו איר. שמעון פלעגט מיט די צערטלעכסטע ווערטער פּרווון זי טרייסטן, אָבער די אַלע ווערטער האָבן אויף איר נישט געווירקט.

דורך דער צייט פון זייער הייראַט, נאָך די אַלע איבערלעבענישן וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט צוזאַמען, האָט זיי דער גורל צונויפגעשמידט ווי איין מענטש.

נישט בלויז וואָס זיי האָבן זיך ליב געהאַט, זיי האָבן זיך קעגנזייטיק געשעצט, זעלטן ווען זיך איבערגערעדט אָדער געקריגט. דאָ, מיטן שטאַרבן פון זייער קינד, איז געקומען אַן ענדערונג. יוכבד איז געוואָרן אומדערטרעגלעך שלעכט. אויף יעדן וואָרט פלעגט זי ענטפערן מיט גאַליקייט. זי האָט אָנגעהייבן פאַרנאַכלעסיקן די שטוב־ווירטשאַפט. ס'האָט איר גאָר נישט אינטערעסירט. זי פלעגט זיצן פאַרמרה־שחורהט אין אַ ווינקל און טעמפּ קוקן אין חלל אַריין.

אין אַ נאַכט האָט שמעונען אַ לייכט גערודער אויפגעוועקט. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן האָט ער באַמערקט, ווי זי פּרעסט אַ שול־פאַרטעך פונעם קינד, אונטערברומענדיק אַ קינדער־ליד... ערשט איצט האָט ער זיך דערשראָקן פאַר איר געזונט־צושטאַנד און באַמיענדיק זיך אַז זיינע ווערטער זאָלן אַרויסקומען צערטלעך, האָט ער זי אַרומגענומען, אַרויסנעמענדיק דאָס פּרעסל פון איר האַנט:

— יוכבד, דו מוזט זיך נעמען אין די הענט אַריין. דיין געזונט־צושטאַנד פאַרערגערט זיך. ס'איז פאַראַן אַ נישט־געשריבן געזעץ: „וואָס

די ערד דעקט צו, מוז פֿאַרגעסן װערן"... מיר מוזן שלום מאַכן מיטן גורל און אײנלעבן זיך מיטן געדאַנק, אַז יהודית איז מער נישטאָ...

אַרויסרײסנדיק זיך פֿון זײנע אָרעמס, האָט זי זיך אַװעקגעשטעלט מיט דער פּלײצע צו דער װאַנט, װאַרפֿנדיק אים אין פּנים אַרײַן די װער־טער:

— דײַנע רײד האָבן מיך איבערצײגט, אַז דו האָסט נישט קײן מענטשלעך געװיסן און פֿאָטערלעך געפֿיל... דו האָסט דאָך רעכט נישט געװײנט אויף אונדזער אומגליק און איך האָב אַפֿילו באַמערקט, אַז לעצטנס האָסטו געלאַכט. אַזוי פֿירט זיך אויף אַ פֿאָטער? מיט יהודיתעס שטאַרבן האָט מײַן לעבן קײן שום זין נישט. און איך װיל נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זי איז מער נישטאָ. צופֿיל האָב איך זיך אָנגע־ליטן פֿון איר, אַז איך זאָל זי אַזוי לײַכט פֿאַרגעסן...

װײנענדיק האָט זי זיך אַ װאָרף געטאָן אין בעט, באַגראָבן דעם קאָפּ אין קישן.

שמעון איז געװאָרן פֿאַרצװײפֿלט. ס'ערשטע מאָל האָט ער געהערט פֿון איר אַזעלכע װערטער מיט אַזעלכע באַלײדיקונגען. ס'האָט אים גע־פּערלעך װײ געטאָן אירע װערטער. כּדי זי נישט אויפֿצורײצן, האָט ער עס אַראָפּגעשלונגען. צומאָרגנס, האָט ער זיך טעלעפֿאָניש פֿאַרשטענדיקט מיטן דאָקטאָר, איבערגעבנדיק אים אַלץ װאָס פֿאַסירט לעצטנס מיט זײַן פֿרוי.

צומאָרגנס, אין די פֿאַרנאַכט־שעהן, האָט זיך דער דאָקטאָר פּרעזענ־טירט בײַ דער פֿאַמיליע האָראָװיץ, סימולירנדיק, אַז ער איז געקומען פֿון זײַן אײגענעם װילן, כּדי אויסצודריקן מיטגעפֿיל דער פֿאַמיליע. מיט נישט קײן פֿרײַנטלעך פּנים און בײַסיקער איראָניע, האָט אים יוכבד אויפֿגע־נומען, זאָגנדיק:

— דאָקטאָר, צו װאָמען זענט איר געקומען? אײַער פּאַציענטקע איז שוין נישטאָ. אפֿשר װילט איר מיך אַהינשיקן צו איר?

— פֿרוי האָראָװיץ, באַרואיקט אײַך, — האָט דער דאָקטאָר זיך באַ־מיט זי אײַנצונעמען מיט גוטע װערטער — אײַער קינד האָט נישט געהאַט קײן שום רעטונג. אײנע פֿון טױזנט בלײַבט לעבן פֿון דער קראַנקײט און

אויך ביי אַ כראָנישן פעלער. מערסטנטייל ווערן אַזעלכע קינדער פּאַראַ־ליזירט. אַ גאַנץ לעבן וואָלט איר אייך געדאַרפט מוטשען מיט איר... איך וואָלט אייך געקאָנט איבערגעבן צענדליקער פאַלן פון מיין לאַנגיעריקער פּראַקטיק. עס שאַפן זיך פאַמיליע־טראַגעדיעס מיט שווערע קאָנסעקווענצן. די פּאַראַליזירטע קינדער ווערן אַ שווערע לאַסט פאַר זייערע עלטערן. וויסנשאַפטמענער באַמיען זיך צו געפינען דערפינדערישע פּרעווענטיווע מיטלען. אָבער ביז איצט גייט עס צו לאַנגזאַם, אָבער איינמאָל דעקלאַ־רירט דעם פּאַראַליז, איז עס אוממעגלעך אויסצוהיילן...

— דאָקטאָר, אייך איז לייכט צו ריידן אין אַזאַ טאָן — איר זענט אַן אומפּאַרהייראַטער. איר האָט נישט קיין קינדער. אייך איז פרעמד דער געפיל פון קינדער־פרייד, אָדער — פאַרקערט — קינדער־צער. נישטאָ אויף דער וועלט קיין גרעסערע פרייד אָדער צער ווי די, וואָס קינדער פאַרשאַפן — האָט יוכבד אַרגומענטירט. — צווייטנס, אייער קומען צו אונדז באַווייזט מיר, אַז איר האָט געוויסנביסן... די גאַנצע צייט וואָס איר האָט געהיילט מיין קינד, האָט איר מיר קיינמאָל נישט געגעבן אָנצוהערן פון אַזאַ קראַנקייט.

די סימפּטאָמען פון דער קראַנקייט האָבן זיך אָנגעהייבן צו באַמערקן אין די לעצטע צוויי חדשים — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר — גלויבט מיר, פרוי האָראָוויץ, אייערע ווערטער זענען טיף באַליידיקנדיקע, אָבער איך בין עס אייך מוחל. איך פיל אייך מיט אין אייער גרויסן אומגליק. אייער טעכטערל איז געווען אַ געראָטן קינד. אָבער קעגן דער נאַטור קאָן מען נישט גיין.

און ווענדנדיק זיך צו שמעונען, האָט ער געזאָגט:

— דאָס איינציקע, וואָס איך ראָט אייך, אויב איר ווילט, אַז אייער פרוי זאָל געזונט זיין, מוזט איר אַוועק פון דאַנען אויף אַ פּאָר וואָכן. איך וואָלט אייך רעקאָמענדירט אין דער קאָרדאָבער פּראָווינץ, ווו די לופט איז אַ ריינע און דאָס איז בעסטע מיטל צו אויפגעטרייסלטע נערוון.

שמעון האָט געגומען ערנסט די ווערטער פונעם דאָקטאָר און זיך גענומען גרייטן צו פאָרן קיין קאָרדאָבאַ. ער האָט די פרוי זיינע אויפ־ריכטיק ליב געהאַט, כאָטש די לעצטע צייטן איז זי אים דערגאַנגען די

יאָרן און געמאַכט אים אומדערטרעגלעך דאָס לעבן. אָבער ער איז איר אַלץ מוחל געווען. ער האָט גאָכן קינד שטאַרק געטרויערט, נישט ווייניקער ווי יוכבד. אַלס מאַן האָט ער דעם טרויער געהאַלטן אין זיך. דאָס קינד האָט אים לעצטנס פאַרקרענקט אַ פאַרמעגן. דאָס איז נישט געווען קיין אָפּהאַלט ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט פאַרן געזונט פון זיין פרוי. דאָס פאַרברענגען אין קאָרדאָבאַ איז צוגעגאַנגען נאָרמאַל. ער האָט באַמערקט אַ געוויסע בעסערונג. דאָס האָט אים צופרידנגעשטעלט. יעדן טאָג פלעגן זיי מאַכן עקסקורסיעס אין פאַרשיידענע געגנטן, האָבן באַוואונדערט די שיינע לאַנדשאַפט און די נאַטור־געבענטשטע רייכטימער.

אין אַ טאָג, קומענדיק מיטן אָמניבוס אין אַ קליין דערפל, ווו, לויטן אַנגעצייכנטן פּלאַן, האָט מען געדאַרפט פאַרברענגען אַ האַלב טאָג, נאָכן איבערכאַפּן עפּעס, האָט זיך דאָס פּאָרפאָלק געלאָזט אויף אַ שפּאַציר. אָפּגייענדיק אַ לענגערע שטרעקע און פילנדיק אַ שטאַרקן דורשט, האָבן זיי זיך געלאָזט גיין צו אַ ראַנטשאָ, וואָס זיי האָבן פונדערווייטנס דערזען. ביי דער טיר האָט זיי אויפגענומען אַ פרוי. אויסהערנדיק זייער פאַרלאַנג, האָט זי זיי העפלעך פאַרבעטן אין הויף אַריין, זיך געלאָזט גיין אין שטאַל ברענגען פרישע מילך. ס׳איז געווען זייער אַ הייסער טאָג. די זון האָט געברענט אַ חמימה. פון הימל איז געפאַלן שטיקער פייער. זיי האָבן געזוכט מיט די אויגן אַן אָרט ווו זיך אַוועקצולייגן אָפּרוען אַ ווײַלע. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין טיפער אין הויף אויף דער שאָטן־זייט.

פּלוצלינג זענען ביידע געבליבן שטיין. נישט קענענדיק מאַכן אַ טריט פאָרויס, זענען זיי ווי צוגעשמידט געוואָרן צו די ערטער. פאַר זייערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ בילד, וואָס האָט זיי געמאַכט אויפשוידערן. אויף אַן אימפּראָוויזירט בעטל, אַנגעלייגט מיט קאָלדרעס, איז געלעגן אַ מענטשלעך גופל, אומבאַוועגלעך, מיט אָפענע אויגן. געקוקט גלאָציק. אויפן מאָמענט האָט מען נישט געקאָנט אונטערשיידן צי דאָס איז אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל. לאַנגע האָר, ווילד געוואַקסן, ווער ווייסט ווי לאַנג נישט אָרומגעשוירן. פון מויל האָט געגאַווערט אַ ווייסער שוים. כמאַרעס פליגן האָבן געזשומעט אַרום גופל, וואָס האָט זיי געדינט אַלס אַ זייער באַקוועמע נעסט. אַנגעטאָן איז עס געווען אין אַ לאַנג נאַכט־העמד, עטוואָס איבער

די קני. די פיסלעך דאַרע שטעקעלעך, ווי די הענטלעך. עס האָט זיך אַרויסגעזעצן דאָס קערפּערל פונעם קינד אַן איינגעשרומפּנס. דאָס איינציקע סימפּאַטישע פון דעם מענטשלעכן קנויל איז געווען דאָס פּנימל, כאָטש געצוג אָנגעברענט פון דער זון. מיט זייער איידעלע פּנים־שטריכן. אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען צוקוקנדיק זיך צום טרויעריקן בילד.

ענדלעך האָט זיך יוכבד אָפּגערופן:

— ווי רופט מען דיך?

אַ פאַרקרימטע גרימאַסע האָט זיך באַוויזן אויפן פּנימל פון דעם קינד. ס'האָט אַרויסגעלאָזט פונעם מויל אַ פּאָר אומפאַרשטענדלעכע זילבן, וואָס ס'איז דעם קינד אָנגעקומען זייער שווער.

ס'איז אָנגעקומען די מוטער פונעם קינד, מיט אַ פלאַש מילך און צוויי גלעזער. נישט וואַרטנדיק אויף קיין פראַגן, האָט זי אַליין אָנגעהייבן צו ריידן:

— גאָטס צאָרן און דעם טייוולס קללות האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף מיין אָרעמער היים. איר זעט דאָס קינד? שוין פיר יאָר ווי עס ליגט אַט אַזוי, אומבאַוועגלעך. אַ שאַרפער קינדער־פּאַראַליז האָט אים פאַרכאַפּט, ווען ער איז נאָך געגאַנגען אין שולע. יעדן טאָג פלעגט ער לויפן ווי אַ פייל פון בויגן פיר לעגוועס הין און צוריק צו דער שולע... היינט קען ער זיך נישט אַליין איבערדריייען אויף זיין געלעגער. קיין גרעסערע צרות זענען אויף דער וועלט נישט פאַראַן. מיינע אויגן זענען שוין אויסגעטריקנט פון וויינען. מוז מען אים וואַשן און רייניקן צוויי־דריי מאָל טעגלעך. צו מיינע צרות קומט נישט קיין סוף. דאָס ווייטיקלעכסטע פון דעם איז, וואָס עס איז נישטאָ קיין האָפענונג אויף אַ פאַרבעסערונג. צוליב די היצן קאָן איך אים נישט האַלטן אין שטוב. אין הויף לאָזן אים נישט צורו די פליגן און אינזעקטן. כאָטש שטיי נעבן אים אַ גאַנצן טאָג מיט אַ פעכער... טייערע מענטשן! ס'זענען פאַראַן מאָמענטן, אין וועלכע איך טראַכט, אַז ס'איז בעסער דער טויט, איידער אַזאַ לעבן!... וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל איך טאָן?... — האָט די פרוי איבערצלמענדיק זיך געהאַלטן אין איין איבערחזרן.

יוכבד און שמעון האָבן זיך אָנגעקוקט. אין זייערע אויגן האָבן זיך

באוויזן טרערן. זיי האָבן אין דעם מאָמענט איבערגעלעבט זייער אייגענע טראַגעדיע. דער דורשט, וואָס האָט זיי מיט אַ ווײַלע פריער אַזוי שטאַרק געמאַטערט, איז פון זיי אַוועק. אָן אַ וואָרט אויסצורײדן, האָבן זיי פאַר־לאָזט די ראַנטשאָ.

מאַן און ווייב האָבן זיך אָנגענומען ביי די הענט. מיט געמאָסטענע טריט זיך אָנגעהייבן דערווייטערן פון דעם אָרט. נאָך אַ ווײַלע שטיל־שווייגן, האָט זיך יוכבד אָנגערופן:

— יאָ, שמעון, דו ביסט גערעכט. וואָס די ערד דעקט צו, מוז פאַר־געסן ווערן!

# מענטשלעכקייט

שמחה שאַיעוויטש האָט אין אַ האָפּערדיקער שטימונג זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג פון דער נאָטאַריוס־ביוראָ, וועלכע האָט זיך געפונען אויף אַ הויפּט־גאַס אין צענטער. ער האָט נאָרוואָס געשלאָסן די טראַנזאַקציע וועגן קויפן אַ מאָדערנעם בנין, אין אַריסטאָקראַטישן קוואַרטאַל אין פּאַלערמאָ. ער האָט באַטראַכט פאַר אַ גליק וואָס אים איז געלונגען צו קויפן דאָס הויז, ווייל סיי דער פּרייז, סיי די געגנט, זענען געווען צוגעפּאַסט צו זיינע אויסרעכענונגען און פּלענער, וואָס ער האָט זיך געהאַט אָנגעצייכנט. בעלנים צו קויפן דאָס הויז זענען געווען אַ סך, מען האָט געטריבן אין פּרייז אַריין. אין געוויסע מאָמענטן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען וועט אים איבערכיטרעווען און דורך אַ טריק האָט זיך אים איינגעגעבן דאָס הויז איינצוהאַנדלען.

מיט די קויף־פּאַפּירן אין דער האַנט איז ער אַריין אין ערשטן בעסטן קאַפע, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן, ער האָט גענומען לייענען די אַלע קלאַוזולעס־פּונקטן, און אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיין פּנים. ער האָט געפילט אַ דראַנג זיך דורכצוריידן מיט עמיצן, טיילן זיך מיט דער פרייד, וואָס האָט אים באַהערשט. אין דעם מאָמענט האָט אָבער דער צופאַל געוואָלט, אַז די פרוי זיינע מיטן קינד זאָלן מיט אַ פּאָר טעג צוריק אָפּפאָרן קיין קאָרדאָבאַ, צו פאַרברענגען די זומער־וואַקאַציעס. ער האָט געוווסט, אַז שריפטלעך וועט ער נישט באַווייזן אויסצודריקן פאַר זיין פרוי די שטימונג, וואָס האָט אים באַהערשט. אויף צו פאָרן צו איר האָט ער געהאַלטן פאַר צו פרי. ס'איז ערשט אַ פּאָר טעג זייט זי איז אָפּגעפאָרן. זיינע פאַרצווייגטע געשעפטן האָבן אים חוץ דעם נישט דערלויבט איבערצולאָזן אַלץ אויף הפקר. ער האָט געהאַט וויכטיקע ענינים צו דערליידיקן.

אַ שלאַקסרעגן, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער שטאָט, האָט אים פאַרהאַלטן אין קאַפע. ער האָט געוואָלט צופאָרן צו זיין געקויפטן הויז און איבעררעדן מיטן ווערטער וועגן פאַרשיידענע איינצלהייטן איז שייכות מיטן אַריבערציען זיך אין דער נייער דירה. ער האָט געטראַכט וועגן מאַכן אַ סורפּריז זיין פרוי, אַז צוריקקומענדיק פון די וואַקאַציעס, זאָל זי גלייך אַריין אין דער נייער דירה. אַזוי טראַכטנדיק זענען אים גע־קומען פאַרשיידענע מחשבותן איז קאָפּ אַריין. אַ ריי עפּיזאָדן און שטיקער פון זיין לעבן האָט ער זיך אין דעם מאָמענט דערמאָנט. ער האָט זיך נישט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן אויף זיין מזל, פאַרקערט, דורך דער צייט פון זיין אויפהאַלט אין אַרגענטינע האָט ער פאַרהעלטעניסמעסיק אַ סך אָפּ־געשפּאָרט און זיך דערוואָרבן אַ שיין פאַרמעגן.

געקומען איז ער אין לאַנד איין חודש פאַרן מלחמה־אויסברוך (1939) איבערלאָזנדיק אין דער אַלטער היים אַ פרוי מיט אַ קליין קינד פון גע־ציילטע חדשים, מיטן געדאַנק גלייך זי אַריבערצוברענגען אַהער. די ווײַ־טערדיקע געשעענישן האָבן צונישט געמאַכט זיינע פּלענער. ביז 1945 האָט ער אַבסאָלוט נישט געהאט קיין ידיעות פון זיין פאַמיליע. גרויס איז געווען זיין פרייד און זיין צער, ווען ער האָט זיך דערוווסט דורך דעם „דזשאָינט", אַז זיין פרוי איז געבליבן לעבן, אָבער דאָס קינד האָט זי פאַרלוירן. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ער האָט אריבערגעבומען זיין פרוי און אויפסניי אָנגעהייבן איינאָרדענען אַ פאַמיליע־לעבן.

אין זיינע געשפּרעכן מיט דער פרוי, האָט זי אים איבערגעגעבן, אַז זי האָט צו פאַרדאַנקען איר לעבן אַ פּוילישער פאַמיליע פון איר קליינעם שטעטל, ביי וועלכע זי האָט זיך אויפגעהאַלטן די גאַנצע צייט. יענע האָבן זי באַהאַנדלט מענטשלעך און זי איז אָנגעגאַנגען ווי איינע פון זייער פאַ־מיליע. אַ סך צו פאַרדאַנקען האָט זי געהאַט איר גוטן אויסזען: אַ בלאָנד „אַריש" פּנים. זי האָט אויך גוט גערעדט פּויליש און די גאַנצע צייט גע־שפּילט די ראָל פון אַ קריסטין. דאָס קינד האָט זי פאַרלוירן ביי דראַמאַ־טישע אומשטענדן. דאָס איז געווען אין קריסטמעס־פייערונג. די פאַמיליע האָט זיך געריכט אויף געסט, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען איי־

ניקע, פאַר וועלכע מען האָט זיך געדאַרפט היטן. איז געבליבן אַז אויף דער נאַכט זאָל זי פאַרלאָזן די וווינונג.

ס'איז געווען אַ שרעקלעך קאַלטע נאַכט. אַ געדיכטער שניי איז געפאַלן. דער פראָסט איז געווען אַ שטאַרקער. זי איז געווען וואַרעם אָנגעטאָן. דאַסגלייכן דאָס קינד, אַ ייִנגעלע פון 4 יאָר. האָבן זיי געוואַנדערט אַ גאַנצע נאַכט אויסער דעם שטעטל. פון מידקייט זענען זיי אָוועקגעפאַלן און אַנטשלאָפן געוואָרן. ווען זי האָט געעפנט די אויגן, האָט זי זיך געפונען אין אַ פרעמדער שטוב. גראָד באַקאַנטע פון דער פאַמיליע, ביי וועלכער זי האָט זיך אויפגעהאַלטן. מען האָט זי קוים דערמונטערט, אָבער דאָס קינד אירס האָט מען נישט געקאַנט אָפּראַטעווען. עס איז איינפאַך פאַרפרוירן געוואָרן. מען האָט דאָס קינד באַגראָבן אין דער שטיל, כדי נישט אָריינצוברענגען דער פאַמיליע אין אַ פאַרלעגנהייט. דער טרויעריקער פאַל האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק אויף דער מוטער... זי האָט געטראָגן אין זיך אַ שולד־געפיל. אַ צייט לאַנג האָט זי נישט געקאַנט פאַרגעסן. אָבער קומענדיק אַהער, נאָך אַ יאָר צייט, האָט איר די נאַטור געשאָנקען אַ מיידעלע, אינגאַנצן געראָטן אין איר, אין וועלכע זי האָט געפילט אַ טרייסט.

דאָס לעבן איז געפלאָסן נאָרמאַל. שמחה שאַיעוויטש איז געווען אַ מענטש מיט איניציאַטיוו. געשטאַמט פון סוחרים. אויך אין אַרגענטינע האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט מסחר. עס האָט אים אָפּגעגליקט. אָפּשפּאָרנדיק אַ גרויסן קאַפּיטאַל איז ער געקומען צום אויספיר, אַז די בעסטע פאַרזיכערטע אינוועסטירונג איז צו קויפן אַן אייגענע געביידע. איצט, דערגרייכנדיק זיין ציל, האָט ער אָנגעהייבן צו מאַכן פּלענער פאַר דער נאָענטער צייט.

צומאָרגנס, גאַנץ פרי, איז ער צוגעפאָרן צום הויז, ווו ס'האָט אים אויפגענומען דער פאַרטערע. כאָטש ביי אַ צוויי געלעגנהייטן האָבן זיי געשמועסט צווישן זיך, ווען שאַיעוויטש האָט זיך געוואָלט באַקענען מיטן הויז, איז אָבער די איצטיקע באַגעגעניש געווען אַ מער העפלעכע. ווען ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס דער נייער בעל־הבית, אַריינלאָזנדיק זיך אין אַ מער דעטאַלירטן געשפּרעך, האָט זיך דער פאַרטערע פאָרגעשטעלט מיטן

נאָמען יאַן נאָוואַקאָווסקי, אַ פּאָליאַק, אַ פּליט, 6 יאָר אין לאַנד. דערביי איבערגעגעבן, אַז ער איז געקומען קיין אַרגענטינע פון ענגלאַנד, ווו ער האָט זיך געפונען די גאַנצע צייט פון דער מלחמה.

נאָוואַקאָווסקי האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף שאַיעוויטשן. ער איז געווען אַ סימפּאַטישער מענטש, אַ פיינער מיטשמועסער. שאַיעוויטש האָט זיינער צייט געדינט אין פּוילישן מיליטער צוויי יאָר צייט, גוט גע־קענט אַלע מילטערישע פאָרמאַציעס, תקנות און געזעצן, די פאַרשיידענע סאָרטן געווער. גערעדט האָבן זיי צווישן זיך פּויליש, אַזוי אַז פון ערשטן מאָמענט אָן האָט זיך געשאַפן אַ פריינטשאַפט ביי די צוויי מענטשן. שאַיעוויטש האָט אים נישט געגעבן צו פילן, אַז ער איז אַ בעל־הבית. אַ מענטש מיט אַ גוטן כאַראַקטער האָט ער ארויסגעוויזן אָפענע צופרידנ־קייט. דערביי האָט ער באַמערקט, אַז יעדער דערפילט זיין אָמט געוויסנ־האַפט, אַלץ מיט פּינקטלעכקייט. פון דער אַלטער היים איז אים געבליבן אַ דערווידער־געפיל צו פּאָליאַקן. ער האָט וועגן זיי קיין גוטע מיינונג נישט געהאַט. וויל דער צופאַל, אַז דאָ אין אַרגענטינע זאָל ער זיך אָנ־טרעפן מיט איינעם פון זיי, ביי גאָר אַנדערע אומשטענדן.

דורך דער צייט, וואָס זיין פרוי האָט פאַרבראַכט אויף וואַקאַציע אין קאָרדאָבאַ, האָט שאַיעוויטש דאָ איינגעאָרדנט דעם דעפּאַרטאַמענט מיט קאָמפאָרט, אויסמעבלירט מיט אַלע נייטיקע באַקוועמלעכקייטן. זיך קוים דערוואָרט אויפן טאָג פון איר צוריקקומען. דעם פרימאָרגן האָט ער זי אָפּגעוואָרט ביים וואָקזאַל. גאָרנישט זאָגנדיק איר, האָט ער זי אָפּגעפירט אין דער נייער דירה.

ביים טויער האָט זיי אָפּגעוואָרט דער פּאָרטערא, געהאָלפן אַראָפּ־נעמען פון קאָטש די וואַליזעס, ס'געפּעק. אין דעם מאָמענט האָבן זיך די בליקן פון יאַן נאָוואַקאָווסקי און זיסל שאַיעוויטש באַגעגנט. געציילטע סעקונדעס זענען די צוויי מענטשן געשטאַנען אומבאַוועגלעך, נישט קענ־נענדיק אַרויסברענגען קיין איין וואָרט. אַזוי גרויס איז געווען זייער אי־בערראַשונג. מיטאַמאָל האָבן זיי זיך אַ ריס געטאָן פון די ערטער, איינ־קלאַמערנדיק זיך איינער אינעם צווייטן, באַדעקנדיק זיך מיט קושן, האָבן זיי מיט צערטלעכע ווערטער געזאָגט: „זאָשאָ, דראָגאָ מאָיאָ, (זאָשע,

טייערע מיינע), „יאַנעק, קאַכאַני מאַי" (יאַנעק, ליבער מיינער), וואָס טוסטו דאָ? ווי קומסטו קיין בוענאָס־איירעס?

שאַיעוויטש איז געשטאַנען נעבן זיי, האָט אויפן מאָמענט נישט פאַר־שטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי שנעל, אַז ער האָט נישט באַוויזן קעגנזייטיק זיי צו באַקענען. דאָ שטייען צוויי דער־וואַקסענע מענטשן, פליסטערן פול מיט עמאָציע ווערטער, טרערן האָבן אָנגעהייבן צו פליסן פון זייערע אויגן. פון אַ שטילן וויינען איז מען אַרי־בער צו אַ הויך העשן.

קומענדיק צו זיך פון דער ערשטער איבערראַשונג, אַריינקומענדיק אין שטוב, מאַכנדיק זיך באַקוועם, האָט שאַיעוויטש דער ערשטער גע־פרעגט:

— ווי עס ווייזט אויס, קענט איר אייך?

— וואָס הייסט מיר קענען זיך? דו ווייסט, שמחה, אַ דאַנק זיינע עלטערן בין איך געבליבן לעבן. ביי זיי אין שטוב בין איך געוועזן אויס־באַהאַלטן די גאַנצע צייט. די מענטשן האָבן ריזיקירט מיט זייער לעבן טאָג איין, טאָג אויס, אַ צייט פון פיר יאָר. וואָס פאַר אַ סורפּריז דאָס לעבן אַליין גרייט צו פאַר אַ מענטשן! גיי ווייס, אַז יאַנעק איז דאָ אין בוענאָס־איירעס. — און ווענדנדיק זיך צו יאַנעקן, האָט זי געזאָגט: — נו, דערצייל מיר אַלץ פון דיר, און וואָס מאַכן דיינע עלטערן? שוין אַ האַלב יאָר ווי איך האָב פון זיי נישט קיין קאָרעספּאָנדענץ. וואָס פאַר אַ טייערע מענטשן דאָס זענען.

זיסל האָט אויף שנעל אימפּראָוויזירט אַ לחיים. האָט מען זיך אָוועק־געזעצט און יאַנעק האָט איבערגעגעבן זיינע איבערלעבונגען פון די לעצ־טע פאָר יאָר.

נאָך דעם זעלביקן טאָג האָט די פאַמיליע שאַיעוויטש געמאָלדן זייער פריינט יאַנעק נאָוואַקאָווסקי, אַז זיי באַטראַכטן אים ווי אַ משפּחה־מיטגליד, און געמיינזאַם אָנגעהייבן אויסצואַרבעטן די פאָרמאַליטעטן אַריבערצוברענגען קיין אַרגענטינע זיינע עלטערן.

# זשאַני

זשאַני האָט דעם פרימאָרגן פאַרשלאָפן ביזן שפּעטן טאָג אַריין. גאָר נישט ווי זיין געוווינהייט. די פרימאָרגן־זון איז שוין געווען אין איר פולן אויפגאַנג. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ הייסער, אַ דושנער, פול מיט פייכטקייט. שוין אַ פּאָר טעג ווי דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט, עס האָט אויסגעוויזן, אַז אַ מבול וועט אַלץ פאַרפלייצן. אָבער בלויז אַ דריבנער רעגן איז געפאַלן געציילטע מינוטן אין די פאַרטאָג־שעהן. שפּעטער האָט די זון אויפגעשיינט אין פולן גלאַנץ; אירע הייסע שטראַלן האָבן אַריינגעדרונגען אין דעם צימער וווּ זשאַני האָט געוווינט; האָט אָנגעפילט דעם רוים מיט ליכט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ שרעקלעכן קאָפּווייטיק. ער האָט דערפילט דעם הייסן קערפּער פון זיין פרוי, זשוליעט, נעבן זיך. אין דעם מאָמענט איז אים קלאָר געוואָרן, אַז די איבערלעבעניש פון דער לעצטער נאַכט איז נישט געווען קיין חלום, נאָר אַ ווירקלעכקייט.

ער איז אַראָפּ פון בעט, זיך אָוועקגעזעצט ביים טישל און אָנגעהייבן באַטראַכטן די פרוי זיינע, וואָס איז, נאָך אַ קנאַפּ יאָר אָפּוועזנהייט, פּלוצים צוריקגעקומען צו אים. ער האָט מיט גיריקע אויגן און נישט געשטילטע ליידנשאַפטן געקוקט אויף איר שיינעם קערפּער, אויף אירע אויסגעפורעמטע בריסט. כאָטש דאָס פּנים אירס איז נישט געווען פון קיין אויסערגעוויינלעכער שיינקייט, האָט די נאַטור איר באַשאָנקען מיט אַ זעלטן שיינער פיגור: הויכער וווקס, געטאָקטע פיס, אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, וואָס זענען איצט נישט צעקעמטערהייט געווען פאַרוואָרפן אויף אירע אַקסלען און האָבן טיילוויינ פאַרדעקט אירע בריסטן. זי איז געווען אַיבערגעגעבן דעם שלאָף און איר אָטעמען איז געווען אַ ריטמישער.

ערשט איצט האָט ער באַדויערט און אויסגעדריקט חרטה וואָס ער

האָט זיך מיט איר איבערגעבעטן און וואָס דאָס איז בכלל צוגעגאַנגען אַזוי שנעל. דורך דער צייט וואָס זי איז אַוועק פון אים, פלעגט ער נישט איינמאָל טראַכטן פון איר: ווען ער טרעפט זי צופעליק אין גאַס, וואָלט ער זי געוויס מיאוס באַליידיקט. און דאָ, ווי נאָר ער האָט זי דערזען, האָט ער זיך ווי פאַרלוירן; עס האָט אין אים אויפגעטויכט די ליידנשאַפט, אָנ־געזאַמלטע דורך דעם יאָר פון זיין אַליין, נישט געקאָנט באַהערשן די תאווה פון זיין נאָענט מיט איר.

אַ סך אין דעם איז שולדיק דאַניאַ סאַראַ, די אייגנטימערין פונעם פענסיאָן. ער ווייסט גאַנץ גוט ביי זיך, אַז זי איז נישט אויסן געווען קיין שלעכטס. זי האָט געווירקט אויף אים מיט אירע רייד, אַז ער זאָל זיך איבערבעטן מיט זשוליעט. ער האָט פאַר דאַניאַ סאַראַ דעם גרעסטן רעס־פעקט, ער האַלט זי פאַר אַן אייגענע. אָבער אין דעם מאָמענט, טראָגט ער אַ שטאַרקן פאַרדרוס אויף איר — זי האָט זיך נישט באַדאַרפט אַרייַנ־מישן אין זיינע פריוואַטע אַנגעלעגנהייטן. גאַנץ מעגלעך, אַז דאַניאַ סאַראַ ווייסט נישט, אַז זשוליעט געפינט זיך אין אַזאַ צושטאַנד. אָבער איצט וועט ער זיך נישט לאָזן באַאיינפלוסן פון קיינעם און ער וועט זיין פּלאַן נישט ענדערן.

אין דעם האָט זשוליעט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. אַרומקוקנדיק זיך אַ ווייל, האָט זי אירע בליקן אָנגעשטעלט אויף זשאַנין, וועלכער האָט איצט געקוקט אויף איר גלייכגילטיק.

מיט אַן אונטערטעניק שמייכעלע האָט זי זיך דערנענטערט צו אים, געמאַכט אַ באַוועגונג אַרומצונעמען אים. ער האָט זיך לייכט אַרויסגע־דרייט פון אירע הענט און אויפשטעלנדיק זיך, האָט ער אָנגעהייבן צו שפּאַנען איבער דעם קליינעם צימער, הין און צוריק, מיט האַלב פאַר־מאַכטע אויגן. זי האָט מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק אָבסערווירט זיינע באַוועגונגען. זי האָט געפילט, אַז דער ריכטיקער שטורעם קומט איצט אָן.

— זשוליעט, — האָט ער זיך נאָך אַ פּאָר מינוט שווייגן געווענדעט צו איר, כאָטש זיין פּנים איז געווען פאַרוואָלקנט, האָט ער זיך באַמיט צו זיין וואָס רואיקער. — אויב איך מאַך נישט קיין טעות, ביסטו אין אַנדערע אומשטענדן...

די ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט אין אַ זייער העפלעכן טאָן, אָבער עס איז געווען צו פילן אַ סך באַהאַלטענע איראָניע. ער האָט אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויף איר, זי האָט דעם בליק נישט אויסגעהאַלטן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיל אין זיך אָנגעהייבן צו וויינען. דאָס איז פאַר אים געווען אַ באַווייז, אַז ער האָט געטראָפן. ער האָט געפילט, אַז די גרעסטע באַליידיקונג האָט ער איצט באַקומען אין זיין לעבן. די הענט האָבן זיך ביי אים קראַמפּהאַפט צוזאַמענגעצויגן. עס האָט אים ממש אויסגעפּעלט אָטעם. אַן איבערנאַטירלעכע קראַפט האָט אים אָפּגעהאַלטן פון צו וואַרפן זיך אויף דער פרוי און זי שלאָגן מיט ווילדער רציחה.

— פאַרוואָס האָסטו מיר נעכטן נישט געזאָגט? וואָלט צו דעם נישט געקומען! — האָט ער זיך געווענדעט צו איר מיט אַ געענדערט קול. — הער זיך איין, זשוליעט, ווי ליב איך זאָל דיך נישט האָבן, קאָן איך דיר אַזאַ זאַך נישט מוחל זיין. קאָנסט דאָך פון מיר נישט פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל ווערן אַ פאָטער צו אַ קינד, צו וועלכן איך האָב נישט קיין שום שייכות! זיי וויסן, זשוליעט, אַז איך צוויי וואָכן אַרום פאַר איך אָפּ צוריק קיין איטאַליע. דאָס איז אַ פעסטער באַשלוס. דורך דער צייט, אויב דו ווילסט, קאָנסטו זיין מיט מיר. איך האָב זיך גענוג אָנגעליטן פון דיר, געווען אַן אָביעקט פון חוזק און שפּאָט. יעדע זאַך האָט אַ גרענעץ, און דאָס מאָל האָסטו איבערגעכאַפּט די מאָס.

זשוליעט האָט זיך מיט אימפּעט אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט און איינגראָבנדיק דעם קאָפּ אין קישן, האָט זי זיך ספּאַזמאַטיש צעוויינט אויפן הויכן קול.

**
*

זשאַני איז מיט פיר יאָר צוריק געקומען קיין אַרגענטינע, צוזאַמען מיט זיין פרוי. דאָס איז געווען באַלד נאָך זייער חתונה. צוויי יונגע מענטשן, מיט גרויס חשק צו אַרבעטן. קיין באַשטימט פאַך האָט ער נישט געהאַט. ער פלעגט נישט דורכלאָזן קיין שום געלעגנהייט, ווו ער האָט נאָר געקאָנט פאַרדינען אַ פּעזע. ער האָט זיין פרוי זשוליעט זייער ליב געהאַט. ער איז בכלל געווען אַ גוטמוטיקער מענטש. אַ צוגעלאָזענער צו

יעדן איינעם. פון הויכן וווקס, אַ בלאָנדער מיט בולטע סעמיטישע שטריכן, האָט ער גאָרנישט אויסגעזען ווי אַן איטאַליענער. קוים געענדיקט די אָב־פאַנג־שול, האָט ער אין זיין געבורט־שטעטל געמוזט אַרויסהעלפן זיינע עלטערן, וועלכע זענען געווען פון מיטלשטאַנד. דער דראַנג צו פאָרן אין דער ווייטער אַמעריקע, האָט זיי באַהערשט. די פרוי זיינע האָט געהאַט קרובים אין אַרגענטינע, וועלכע האָבן געזאָרגט פאַר זייער אַריבערנעמען. ער האָט געהאַט קנאַפּע בילדונג, אָבער דערפאַר האָט ער געקאָנט אַלע איטאַליענישע אָפּערעס. אַז עס פלעגט אים באַפאַלן די „מוזע", פלעגט ער שעהנווייז האַלטן אין איין זינגען. מענטשן פלעגן זיך אַרום אים גרוז־פירן, אים צוגעבן מוט: „קאַנטאַ זשאַני, קאַנטאַ!".

געוווינט האָבן זיי אין אַ פּענסיאָן פון אַ סך שכנים. די אייגנטימע־רין, דאָניאַ סאַראַ, אַ יידישע פרוי, האָט צו זיי אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע און איינזען. זשוליעט פלעגט צוהעלפן דאָניאַ סאַראַן אין דער ווירט־שאַפט. דערפאַר איז דאָניאַ סאַראַ נישט געווען צודרינגלעך מיטן דירה־געלט. די ערשטע צייטן האָט אים אַ לאַנדסמאַן פאַרשאַפט אַרבעט ביי אַ גרינגס־פאַרקויפער. דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט. ער פלעגט אים דאַרפן באַגלייטן איינצוקויפן די סחורה אין מערקאַדאָ „אַבאַס־טאָ", און אין די פאַרטאָג־שעהן, ביי פאַרשיידענע וועטער־באַדינגונגען. שטופנדיק דאָס וועגעלע, פלעגט ער אויסזינגען פאַרשיידענע אַריעס, רופנ־דיק די אויפמערקזאַמקייט פון די פרויען, וואָס פלעגן גערן קויפן ביי אים. מיט נישט קיין איבעריקן חשק, פלעגט ער טיילמאָל איבערלאָזן איגמיטן נאַכט דאָס וואַרעמע געלעגער און זיין ליבע זשוליעט; אָבער אַלץ צוליב דעם, עס זאָל איר ביי אים גאָרנישט פעלן. ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו זיין נייער לאַגע.

אין איינעם אַ טאָג, אַהיימקומענדיק, האָט ער געטראָפן זשוליעטן וויינענדיק. זי האָט אים איבערגעגעבן, אַז דער שכן פראַנציסקאָ באַלעס־טיקט זי, אַז די נאַכט, נאָך זיין אַוועקגיין, האָט ער זיך געפּאָרעט ביי דער טיר. זי האָט מורא צו בלייבן אַליין אין צימער.

ער האָט אָנגעהייבן זוכן אַן אַנדער פרנסה. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי זשאַני איז אַרומגעגאַנגען איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן

און פלאַסעס מיט אַ גרויסן שטעקן, אָנגעפּיקעוועט אויפן שפּיץ מיט קאַ־ראַמעלן, „טשופּעטינעס“. פייפנדיק און זינגענדיק, פלעגט ער צונויפרופן זיינע קליענטן — וואָס דאָס מאָל זענען זיי באַשטאַנען פון קליינע קינ־דער. ער פלעגט זיי אָפּוואַרטן ביים אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג פון די שולעס. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און ער איז געוואָרן זייער ליבלינג.

אַזוי איז אָפּגעלאָפן דריי יאָר צייט, ביז אין אַ טאָג, אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט, האָט ער געטראָפן דאָס צימערל אין אומאָרדענונג. אויפן טישל איז געלעגן אַ צעטעלע, אין וועלכן זשוליעט האָט אים געמאָלדן, אַז זי פאַרלאָזט אים, זי איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ביי אים וועט זי גאָרנישט דערלעבן. דערביי האָט זי אים געלויבט און געטרייסט, אַז ער וועט זיך געוויס אָפּזוכן אַ צווייטע פרוי, אַ צוגעפּאַסטע פאַר אים.

זשאַני האָט זיך ביטער צעוויינט, אויף דעם האָט ער זיך גאָרנישט געריכט. ער האָט זשוליעטן אויפריכטיק ליב געהאַט. עס איז אים קיינ־מאָל נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן עפּעס שלעכטס פון איר, און דאָ האָט זי אים אַזוי מיאוס פאַרשעמט. צוויי וואָכן צייט איז זשאַני אָפּגעלעגן אין זיין בעטל. האָט די גאַס נישט אָנגעזען. די שכנים האָט ער אויסגעמיטן, מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. ער, וואָס פלעגט שטענדיק אַרומגיין אַ פריילעכער, אַ זינגענדיקער, איז ווי פאַרשטומט געוואָרן, אַ מרה שחורה איז אים באַפאַלן, יעדע קלייניקייט פלעגט אים מאַכן נערוועז.

אָבער ביסלעכווייז האָט ער זיך אָנגעהייבן צוגעוווינען צו זיין נייער לאַגע. אויף די בריוו, וואָס ער פלעגט באַקומען פון דער אַלטער היים, פלעגט ער נישט ענטפערן. ער האָט זיך זייער געשעמט פאַר זיין פאַ־מיליע.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ פּאָר חדשים. אין אַ טאָג האָט מען אים גערופן אין קאָנסולאַט, ווו אַ באַאַמטער האָט אים געמאָלדן, אַז זיין אַל־טער פאָטער, באַאומרואיקט פון זיין שווייגן, האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי לאַנדסלייט. עס איז אים באַוווסט די פאַסירונג. ער איז גרייט אים צו שיקן אַ שיפסקאַרטע, ער זאָל צוריקקומען קיין איטאַליע, ווו עס וואַרט אויף אים זיין שוועגערין כואַניטאַ, אַן אלמנה, און זי וועט אים אויפנע־

מען מיט אָפענע אָרעמס. ער זאָל נישט נעמען טראַגיש די גאַנצע גע־שיכטע.

פון דעם טאָג אָן האָט זשאַני באַקומען דאָס גלייכגעוויכט און איז צוריק אַריין אין זיין ראָל. דער אָפּטימיזם האָט אין אים אויפגעוואַכט און ער האָט אָנגעהייבן צו מאַכן פּלענער פאַרבונדן מיטן צוריקפאָרן אין זיין געבורטס־שטעטל. ס׳פלעגט אים פון צייט צו צייט אָנכאַפּן אַ בענ־קעניש נאָך זשוליעט. וויפל ער האָט זיך באַמיט געוווּיר צו ווערן פון איר, האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, זי איז פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין. יעדער מאָל, ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען אין זשוליעט, פלעגט אים אַ שפלות געפיל באַהערשן, עס פלעגט אים שרעקלעך ווייטאָן איר האַנדלונג. אָבער די צייט איז דער בעסטער היילמיטל.

ווען ער האָט זיך שוין געגרייט צום אָפּפאָרן, ס׳האָט אים אינגאַנצן געפעלט צוויי וואָכן, איז די איבעראַשונג געווען פאַר אים זייער גרויס, ווען אין אַן אָוונט, אַהיימקומענדיק אַביסל שפּעטלעך, האָט אים דאָניאַ סאַראַ אָפּגעוואַרט און אים געזאָגט:

— זשאַני, איך האָב פאַר אייך אַ סורפּריז: זשוליעט איז צוריקגע־קומען און וויל זיך מיט אייך איבערבעטן!

דער סורפּריז איז געווען פאַר אים זייער גרויס. ער האָט געפילט, אַז דאָס בלוט קומט אים אין פּנים אַריין, דאָס האַרץ האָט ביי אים אָנגע־הייבן קלאַפּן שטאַרק, די הענט האָבן זיך ביי אים צוזאַמענגעצויגן. ער האָט זיך מיט די הענט פאַרשטעלט דאָס פּנים, וואַרפנדיק אין חלל אַריין אַ פּאָר אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. קומענדיק צו זיך פון דער איבער־ראַשונג, האָט ער אויסגעשריגן:

— דאָניאַ סאַראַ, איך וויל זי נישט אָנקוקן און דאַרף זי נישט האָבן, די זונה!

— זי איז נישט קיין זונה, — האָט דאָניאַ סאַראַ אים געענטפערט.

— זי איז נישט מער ווי אַ זינדיקע פרוי, וואָס אין אַ מאָמענט פון שוואַכ־קייט האָט זי זיך פאַרלוירן. אויב זי איז צוריקגעקומען צו אייך, וויל דאָס זאָגן, אַז זי אָנערקענט איר שולד און די עוולה, וואָס זי איז באַגאַנגען לגבי אייך... זשוליעט געפינט זיך שוין אין דעם הויז פון נעכטן אָן. איך

האָב געהאַט צייט מיט איר געני זיך דורכצוריידן. זי באַדויערט פון גאַנצן האַרצן דאָס פאַרלאָפּענע. אַ געוויסנלאָזער פאַרשוין האָט איר צוגערעדט. זשאַני, — האָט ווייטער געצויגן אירע רייד דאַניאַ סאַראַ — איך ווייס ווי ליב איר האָט זשוליעטן, איר זייט נאָך צוויי יונגע מענטשן, די וועלט איז אָפן פאַר אייך. פאָרט אָפּ אין אַ צווייטער שטאָט, וווּ מען קען אייך נישט און מעקט אָפּ דאָס פאַרלאָפּענע פונעם געדאַנק. זייט איר מוחל און איר וועט האָבן אַ גוטע חברטע, וואָס האָפּנטלעך וועט זי וויסן אָפּ־צושאַצן אייער טאַט.

דורך דער צייט פון זיין אויפהאַלט אין פּענסיאָן, האָט זשאַני ליב באַקומען אָט די יידישע פרוי, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ טיף מענטש־לעכע באַציאונג צו די שכנים, וואָס זענען מערסטנס געווען אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן געלעבט פון טאָג־אַרבעט. ס'איז נישט געווען דער פאַל, וואָס די פרוי זאָל אָפּזאָגן אַ נאַכטלעגער, אָדער עפּעס צום עסן, ווען מען האָט איר אָפנהאַרציק געזאָגט אַז מען האָט נישט צו באַצאָלן. ווען זשוליעט האָט אים פאַרלאָזן, איז ער ביי אַ סך שכנים געווען דער אָביעקט פון חוזק און שפּאָט. דאַניאַ סאַראַ איז געווען די איינציקע, וואָס האָט אים אַרויסגעוויזן מענטשלעכע באַציאונג און ער האָט געהערט פון איר אַ טרייסט־וואָרט. דאַניאַ סאַראַס ווערטער האָבן אָנגעהייבן אויף אים צו ווירקן.

ער האָט זיך מעכאַניש געלאָזט גיין צום אייבערשטן צימערל, וווּ זשוליעט איז געזעסן אויפן ראַנד פון בעט, אין דערוואַרטונג פון זשאַנין, נישט וויסנדיק ווי אַזוי ער וועט זי אויפנעמען. אַ קליין לעמפּעלע האָט באַלויכטן דאָס צימערל מיט אַ מאַטער שיין. אין זשאַניס אויגן האָט איצט דאָס צימערל אויסגעזען ווי אַ פאַרכישופטער לעגענדאַרער פּאַלאַץ פון טויזנט און איין נאַכט. אָן אַ וואָרט אויסצוריידן, האָט ער זיך אַוועק־געזעצט נעבן איר. אין האַלב פינצטערן צימער האָבן זייערע בליקן זיך באַגעגנט. זי האָט דעם בליק נישט אויסגעהאַלטן. אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ האָט זי מיט אַ פאַרשטיקט קול אַרויסגעשטאַמלט די ווערטער:

— זשאַני, זיי מיר מוחל!

זשאַני, בטבע אַ גוטער מענטש, האָט געפילט, אַז זיינע נערוון לאָזן

נאָך. ער האָט זשוליעטן אינערלעך ליב געהאַט. די ליידנשאַפט אָנגע־זאַמלט דורך דער צייט, די בענקעניש נאָך איר צערטלעכקייט, האָט אים אין דעם מאָמענט ווי פאַרשיכורט און געמאַכט פאַרגעסן אין אַלץ און אין אַלעמען.

***

די באַוועגונג ביים פּאָרט, ווען די שיף האָט באַדאַרפט אָפּגיין קיין אייראָפּע און וועלכער זשאַני האָט געזאָלט אָפּפאָרן, איז געווען זייער אַ גרויסע. דער עולם, וואָס איז געקומען זיך געזעגענען מיט זייערע איי־גענע, האָט געטומלט. דאָס אַרויפשרייען און צוריקשרייען פון דער שיף אויף פאַרשיידענע לשונות האָט פול געמאַכט דעם רוים. ס'האָט זיך צייטנ־ווייז אויסגעוויזן, אַז מען געפינט זיך ערגעץ אויף אַן אָריענטאַלישן מאַרק. די פּאָרט־טרעגער האָבן איילִיק אַרויפגעטראָגן די וואַליזעס און פּעק פון די פּאַסאַזשירן. די נערוועזיטעט האָט אָנגעהייבן צו שטייגן, ווען די שיף האָט פּלוצלינג אָנגעהייבן צו ציטערן — אַ צייכן, אַז עס דערנעענטערט זיך דער מאָמענט פון אָפּגיין. צווישן עולם האָט זיך געפונען זשוליעט. מיט אַ ווייס טיכל האָט זי נישט אויפגעהערט צו פאָכען און מיט רויט־פאַרוויינטע אויגן האָט זי געהאַלטן אין איין אַרויפקוקן אויף דער שיף. זשאַני איז געשטאַנען ביים ראַנד און גלאָציק געקוקט אויף אַראָפּ. זיין פּנים, וואָס איז שטענדיק געווען אַ שמייכלדיקס, איז דאָס מאָל געווען פאַרוואָלקנט, מיט אַן אויסזען פון איינעם, וואָס געפינט זיך אין אַ דע־צידירנדיקן מאָמענט.

אַ וואָיענדיקער פייף פון דער סירענע האָט געמאַכט אויפציטערן די לופט, און די ברעג־מאַטראָסן האָבן אָנגעהייבן אָפּצובינדן די שטריק־לייטער פון דעם ענגבריקל, וואָס פאַראייניקט די שיף מיטן ברעג. זשוליעט האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ ריס פאָרויס, דורכרייסנדיק דעם קאָרדאָן פון דער ברעג־פּאָליציי. צוקומענדיק נאָענט צו דער שיף, האָט זי אָנ־געהייבן צו שרייען מיט נישט קיין מענטשלעך קול:

— זשאַני, זיי מיר מוחל, לאָז מיך נישט איבער אַליין! זשאַני, קום אַראָפּ צו מיר, איך וועל זיין דיין שקלאַף... זשאַני, זשאַני — האָט זי אָנגעהייבן צו שטאַמלען, באַגלייט מיט אַ שלוקערצן.

די פּאָליציי איז צוגעלאָפן און נישט דערלאָזט זשוליעטן זיך דער־נעענטערן צום ברעג. דער עולם אַרום איז מיטגעריסן געוואָרן. מען האָט זיך געגעבן רעכענונג, אַז צווישן די צוויי מענטשן שפּילט זיך אָפּ אַ טיף מענטשלעכע טראַגעדיע.

זשאַני, צוקוקנדיק פון אויבן ווי זשוליעט אַמפּערט זיך מיט דער פּאָ־ליציי, האָט זיין האַרץ מער נישט אויסגעהאַלטן, און כמעט אין לעצטן מאָמענט האָט ער זיך געלאָזט אַראָפּגיין פון דער שיף. אַלע בליקן פון דעם עולם זענען געווען געווענדעט אויף זשאַנין, האָבנדיק אינגאַנצן פאַר־געסן אָן זייערע משפּחה־מענטשן, וואָס זיי זענען געקומען געזעגענען.

זשאַני און זשוליעט האָבן זיך אַרומגענומען און קושנדיק זיך, האָבן זיי זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג פון פּאָרט. עס האָבן זיך אויפן מאָמענט פאַרמירט צוויי רייען, דורך וועלכע די צוויי מענטשן זענען דורכגעגאַ־גען. דער עולם אַרום האָט אָנגעהייבן צו אַפּלאָדירן און געשריגן:

— בראַוואָ זשאַני, בראַוואָ זשאַני!

# די מומע

לעאָן קינדעלמאַן, אַ מענטש אין די פופציקער יאָרן, מיט זייער אַ שיינעם פיזישן אויסזען, פון הויכן וווקס, מיט אַ זיכערן טריט, אַ כאַ־מעטן פּנים, מיט צוויי ברויבע אויגן, מיט אַ האַלטונג צווישן מענטשן, וואָס איז פול מיט חשיבות, גיט צו פילן, אַז מען האָט פאַר זיך אַ מענטש וואָס ס'איז דאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. אַ קלייגער ריידער, דאַכט זיך, אַ פאַרשלאָסענער מענטש, פאַר זיך; אָבער די מענטשן, וואָס קענען אים פון דער נאָענט, ווייסן, אַז דאָס איז נאָר דער אָנשטעל אַזאַ. אין תוך איז ער אַ גאָלדענער מענטש, מיט האַרץ, מיט אַ ווילן כאַראַקטער. מען דאַרף נאָר וויסן ווי צוצוקומען צו אים מיט צוויי גוטע ווערטער — פלאַצט די אָנגעבלאָזנקייט און מען האָט פאַר זיך אַן עמכדיקן מענטשן מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות. זיין שטייפע האַלטונג נעמט זיך דערפון, וואָס גאָט האָט אים געהאָלפן, די לעצטע צען־צוועלף יאָר האָט ער געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן, וואָס מענטשן שאַצן אין עטלעכע מיליאָן פעזעס. ער האָט צוויי פאַבריקן, וווּ עס זענען באַשעפטיקט ביי דריי הונדערט אַרבעטער; איין געשעפט אויף קאָנינג, דאָס צווייטע אויף אָנסע; זיינע ברייטע, פאַרצווייגטע קאָמערציעלע פאַרבינדונגען אין לאַנד, ווי אין אויסלאַנד, דאָס פאָרן אין אויסלאַנד די לעצטע יאָרן, גאַנץ אָפט צוליב קאָמערציעלע ענינים, וואָס אַדאַנק דעם קומט ער אין קאָנטאַקט מיט אַ סך מענטשן פון בעסערן מאַטעריעלן וווילשטאַנד, דאָס אַלץ האָט אויף אים אַזוי געווירקט, אַז ער זאָל זיך האַלטן מיט אַ געוויסער דיסטאַנץ לגבי זיינע מיטמענטשן.

לעאָן איז אַזוי מיט יאָרן צוריק נישט געווען. ווען ער איז געקומען קיין אַרגענטינע פון דעם קליינעם שטעטל אין פוילן, האָט ער מיט זיין פרוי, אַנאַ — דעמאָלט האָט זי געהייסן חנה, שווער געהאָרעוועט אויף צו

מאַכן אַ לעבן. צוערשט האָט ער געאַרבעט ביי יענעם, אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר פּעזעס, געמאַכט זיך אַליין אַ „טאַזשערל" פון קאָנפעקציע, פון דעם קליינעם פאַבריקל איז געוואָרן אַ גרעסערע און ביסלעכווייז איז ער גע־קומען צו אַ קליינעם קאַפּיטאַל. אַ מענטש מיט אָריענטאַציע, האָט ער די מלחמה־יאָרן זיך גענומען אויסאַרבעטן אַרטיקלען, וואָס האָבן אויס־געפעלט אויפן היגן מאַרק. ער ווייסט אַליין נישט, ווי אַזוי ער איז אַרייג־געצויגן געוואָרן אין מסחר אין גרויסן מאַסשטאַב. עס האָט אים אָפּגע־גליקט, גאָרנישט צו פאַרשטיין.

פון יענע צייטן וויל ער פאַרגעסן. מיידט אויס ווי ווייט ער קאָן נאָר די אַלע פריינט פון די „גרינע" יאָרן. ווילנדיק צי נישט, איז ער אַרייג־געצויגן געוואָרן אין דער געזעלשאַפט. צו זיין שבח מוז געזאָגט ווערן, אַז פאַר דער געזעלשאַפט האָט ער אַן אָפענע האַנט, באַשטייערט זיך פאַר אַלע אינסטיטוציעס אָן אויסנאַם. מען נעמט אים אויף מיט גרויס כבוד. צוליב זיינע גרויסע ביישטייערונגען איז ער אַפילו אין די יידישע קרייזן געוואָרן פּאָפּולער.

אין דער אַלטער היים, אין זיין געבוירנשטעטל, איז ער געווען גאַנץ ווייט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין די יאָרן, ווען ער איז געוואָרן אַ רייפער בחור, האָט געשווימלט מיט פּאַראַייגען, ביבליאָטעקן, פּאָליטישע קלובן, „בונד", „פועלי ציון" און נאָך אַנדערע, ווו די יוגנט האָט מיט אייפער זיך אָפּגעגעבן.

מיט ביטול האָט ער געקוקט אויף די אַלע זאַכן. ער האָט געאַרבעט טאַנדעט־שניידעריי. אין די פרייע שעהן האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט האָ־דעווען טויבן. גענומען האָט זיך עס דערפון, וואָס זיין מוטער האָט גע־ווינט אויסער דער שטאָט, אין שכנות מיט קריסטלעכע שכנים. ער האָט זיך איינגעלעבט מיט זייערע פירונגען. ער האָט דעם גאַנצן חוש אַרייג־געלייגט אין דעם. ווען ער האָט געזען די טשאַטע טויבן פליען איבער די דעכער פון שטעטל איז קיינער נישט געווען צו אים גלייך.

טאַקע צוליב די טויבן האָט ער געמוזט אַוועק פון זיין שטעטל. אַ שכן זיינער, אַ יונגער קריסט, אין זיין עלטער, וואָס האָט זיך אויך אָפּ־געגעבן מיט טויבן, איז אין אַ טאָג געקומען אָפּנעמען אַ פּאָר פאַרבלאָנ־

דזשעטע טויבן. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט — און מ׳איז איבערגעגאַנגען צו אַ געשלעג. אין אַ מאָמענט פון אויפרעגונג האָט ער אים געגעבן אַזאַ אומגליקלעכן שטויס, אַז יענער האָט ביים אומפאַלן פאַרלוירן אַן אויג. אויס מורא פאַר נקמה איז ער אַנטלאָפן אין אַ צווייט שטעטל צו זיינעם אַ פעטער. דאָרט האָט ער דערקענט די, וועלכע איז געוואָרן זיין פרוי. זיי האָבן זיך פאַרליבט און חתונה געהאַט.

פון בלייבן אויפן אָרט איז נישט געווען קיין רייד. ער האָט גוט געקענט די פאַמיליע, וועלכער ער האָט גורם געווען דאָס אומגליק. ער האָט גוט געוווסט, אַז זיי רוען נישט און זוכן אים. פון דער לעגאַלער זייט האָט ער זיך געמוזט אויסהיטן פון דער פאָליציי. האָבן זיי באַשלאָסן צו עמיגרירן. די פרוי זיינע האָט געהאַט אין בוענאָס־איירעס אַ מומע. זיי האָבן זיך צו איר געווענדעט. אין זייערע בריוו צו דער מומע האָבן זיי אַלץ איבערגעגעבן אין וואָס פאַר אַ לאַגע זיי געפינען זיך. גאָר־נישט פאַרלייקענענדיק. די מומע האָט נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן אויף אַן ענטפער. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיי דערהאַלטן דאָס נייטיקע געלט צו קומען קיין אַרגענטינע.

***

געקומען אין בוענאָס־איירעס אין יאָר 1925, האָט די מומע זיי וואַרעם אויפגענומען. זיי באַזאָרגט מיט אַ וווינונג, אַ ביסל מעבל, באַשיידן אָבער מיט געשמאַק. געוווינט האָבן זיי אין לאַ באָקאַ, אַ פּאָר קוואַדרעס פון זייער מומע. פון זיין פרויס רייד האָט ער זיך נאָך אין שטעטל אָנגעשטויסן, אַז די מומע אין בוענאָס־איירעס איז נישט קיין צנועה. ער האָט זיך אין דעם נישט אַריינגעטראַכט. עס איז פאַר אים קיין פּראָבלעם נישט געווען. אים האָבן געבערענט די זוילן פון די פיס. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער אַוועק פון פוילן. נאָך אָפּזייענדיק אַ פּאָר וואָכן אין בוענאָס־איירעס, קומענדיק אין קאָנטאַקט מיט זיינע לאַנדסלייט, האָט ער אָנגעהויבן צו פילן, אַז זיי באַציען זיך צו אים מיט גרינגשעצונג. זיי האָבן אים צווײדייטיק געגעבן אָנצוהערן וועגן דער מומע. איין מאָל — דאָס איז געווען צו די זעקס וואָכן זיין אין לאַנד — איז ער געווען נישט

פאַרזיכטיק און געקומען צו אַ שמחה איינגעאָרדנט פון זיינעם אַ לאַנדס־מאַן אַנגעטאָן אין אַ נייעם אַנצוג און נייע שיך און אַזוי אויך די פרוי. דאָ איז מען שוין אַרויס מיט אָפענע דיבורים:

— זאָג נאָר, דו, וואָס ביסטו געקומען, זיך רייצן מיט אונדז? — זיי האָבן געלאָזט הערן אַזעלכע שטעכווערטלעך, וואָס מען קאָן זיי אַזוי שנעל נישט פאַרגעסן.

איינער, זיינער אַ בן־עיר, האָט אים מיט אַ ציניש שמייכעלע גע־זאָגט:

— אונדזער יחוס האָט זיך אויסגעגלייכט... דער רב פון אונדזער שטעטל, ווי דו ווייסט, איז געווען מיין פעטער. איצטער ווייס איך, אַז די רביצין פון בוענאָס־איירעס איז דיין מומע...

ער האָט זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז ער איז צו ווייט פאַרקראָכן מיט דער מומע. דאָס, וואָס ער האָט אָנגענומען פאַר איינפאַך און נאַ־טירלעך, איז ביי אַנדערע שוידערלעך און פאַרברעכעריש. ער האָט זיך אַריבערגעצויגן אין אַן אַנדער דירה, אָנגעהויבן אַרבעטן „קאָנפעקסיאָן״. זיין פרוי האָט אים צוגעהאָלפן. די מומע האָט ער ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויסצומיידן.

די פרוי האָט אים דורך דער צייט געבוירן דריי קינדער: צוויי זין און איין טאָכטער. די צוויי עלטערע זין האָבן קיין גרויס חשק צום לער־נען נישט אַרויסגעוויזן. גערעאָטן אין טאַטן. דאַקעגן די טאָכטער האָט פון קינדווייז אָן אַרויסגעוויזן גרויס חשק צו לערנען. עס האָט אויך צו־געשפּילט דאָס, וואָס ווען די טאָכטער האָט אָנגעהויבן לערנען, האָט זיך זיין עקאָנאָמישע לאַגע אָנגעהויבן פאַרבעסערן. ער האָט נישט געקאַרגט קיין געלט, קיין מי, אַז זיין טאָכטער זאָל באַקומען אַ דערציאונג אין גאַנצן אַנדערש ווי אירע צוויי עלטערע ברידער. לעאָן האָט מיט דער טאָכ־טער שטאָלצירט: אַ געראָטן קינד מיט אַלע מעלות געווען; שיינקייט האָט זי פאַרמאָגט פון איר מוטער, קלוגשאַפט פון פאָטער. האָט לעאָן גע־חלומט מיט דער טאָכטער, שוין אַ כלה־מיידל, טאָן דעם בעסטן שידוך. אין געלט איז קיין מניעה נישט געווען.

און אַזוי זענען געפלאָסן די טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן.



מיט אַ צייט צוריק, אין אַ פאַרטאָג־שעה, האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען ביי לעאָן קינדעלמאַן אין שטוב. מען האָט אים געמאָלדן:

— זייט וויסן, ר׳ צדוק, אַז אייער מומע, חיה־שרה, איז די נאַכט געשטאָרבן.

ער האָט זיך געריבן די פאַרשלאָפענע אויגן. אינעם ערשטן מאָמענט האָט ער געמיינט, אַז עס איז אַ טעות, אַז נישט צו אים איז דער טעלעפאָנישער רוף. ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַ מומע. אָבער דאָס, וואָס די שטים האָט אים אָנגערופןביים יידישן נאָמען... ביי אַט דעם נאָמען רופט אים די לעצטע יאָרן נאָר זיין פרוי און אויך אין אינטימע מאָמענטן. דערפאַר איז ער געווען איבעראַשט פון דער מעלדונג. ער האָט אויפגעוועקט זיין פרוי און עס איר איבערגעגעבן. ווייזט אָבער אויס, אַז די פרוי האָט זיך גראָד געריכט אויף דעם, ווייל דאָס האָט אויף איר קיין איבערראַשונג נישט געמאַכט.

כאָטש ער האָט די מומע אויסגעמיטן דורך דער גאַנצער צייט, איז לעאָן נישט געווען אויף אַזוי פיל נאַר נישט צו פאַרשטיין, אַז זיין פרוי האַלט אָן אַ געוויסן לויזן קאָנטאַקט מיט דער מומע. ער האָט עס אַוועקגעקוקט, זיך געמאַכט נישט זעענדיק, נישט וויסנדיק... מיט אַ צוויי יאָר צוריק, דערמאָנט ער זיך, ווען זיי האָבן געמאַכט אַ שפּאַציר אין די געגנטן וווּ די מומע וווינט, האָט די פרוי אים געבעטן, אַז ער זאָל צוּוואַרטן אין קאָטש אַ ווײַלע. „זי דאַרף אַרײַנגיין צו אַ מאָדיסטין“, האָט זי אים געזאָגט. ער האָט איר קיין פאָרוואורף נישט געמאַכט. ער האָט אָפּגעשאַצט פאַמיליערע סענטימענטן. סוף כל סוף האָט די מומע זיי גוטס געטאָן. ער קאָן פאַר אירע האַנדלונגען נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך. אין האַרצן האָט ער זיך געפילט שולדיק קעגן זיין מומע. דער געדאַנק, אַז ער האָט ביים היטלער־חורבן פאַרלוירן זיין גאַנצע פאַמיליע אין דער אַלטער היים, האָט אים נישט אָפּגעלאָזט. ווען נישט די מומע, וואָלט ער געוויס געטיילט דעם זעלביקן גורל, וואָס זיינע אייגענע.

אַז עס פלעגט אים אַמאָל קומען אויפן געדאַנק, זיך דערמאָנען די פאַרגאַנגענע צייטן, האָט אים אַ מאָדנע געפיל באַהערשט. ער האָט גע־

ווסט, אַז ער באַגייט אַן עוולה קעגן דער מומע, אָבער די אומשטענדן האָבן אים נישט דערלויבט אַז ער זאָל אַנדערש האַנדלען. ער געדענקט אַ פאַל, ווען דער זון זיינער האָט געפונען אַ בילד פון דער מומע, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון איר נאָך זייענדיק אין פוילן און וואָס ער האָט מיטגעבראַכט קיין בוענאָס־איירעס. אויף דער אָנפראַגע, ווער איז די פרוי, האָט ער אים געענטפערט:

— אַ ווייטע קרובה, וואָס איז שוין לאַנג געשטאָרבן...

ביי אים אין שטוב האָט מען קיינמאָל וועגן דער מומע נישט גערעדט; אויף קיין פאַמיליע־שמחות נישט איינגעלאַדן; אַפילו אויף דעם עלטערן זונס חתונה, וואָס איז פאָרגעקומען מיט עטלעכע יאָר צוריק, אויך נישט פאַרבעטן. דאָס איז געווען דער איינציקער פלעק אין דער משפחה. ער האָט דערפון נישט געטראַכט. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט: אַזוי מוז עס און דאַרף זיין! אָבער איצט, ווען ער האָט דערהאַלטן די ידיעה וועגן איר טויט, האָט זיך ביי אים אין האַרצן עפּעס אָפּגערופן. און ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן אין דעם אבל־הויז.

***

ער און זיין פרוי זענען געקומען אין דעם אבל־הויז, וואָס האָט זיך געפונען אין לאַ באָקאַ, אין איינער פון די אייגנאַרטיקע געביידעס פון דער געגנט, אין אַ הילצערנער געביידע, מיט אַ וועראַנדע ביים אַריינגאַנג. דאָס הויז האָט ער געקענט נאָך פון די צייטן, ווער ער איז געקומען אין לאַנד אַריין. אָבער דורך דער צייט איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלטער פאַרלאָזטער חורבה. געטראָפן האָט ער שוין די מומע ליגן אויף דער ערד, אין אַ אָרון, מיט ליכט צוקאָפּנס. אַרומגעדרייט האָבן זיך דאָרט אַ צענדליק מענטשן, מענער און פרויען, אין די עלטערע יאָרן. געווען איז עס אין די פרימאָרגן־שעהן.

ווייזט אויס, אַז דאָרטן האָט מען זיך שוין געריכט אויף זיי. מען האָט זיי אויפגענומען מיט איבערגעטריבענער העפלעכקייט. די פרויען האָבן אָנגעהויבן וויינען אויף אַ הויכן קול. די מענער האָבן זיך געגעבן אַ זעץ אַהעק ביים טיש, האָבן געגעבן אַ ברום אַרויס „למנצח לדוד"...

נעבן זיי, אויפן טיש, זענען געלעגן אָפּגעריסענע, פאַרגעלטע סידורימ־לעך. ס׳האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַ ריח פון בראָנפן...

אויפן ערשטן מאָמענט האָט ער געמיינט, אַז עס האָט זיך דאָ ערגעץ איבערגעקערט אַ פלעשל שפּירט, אָבער שפּעטער האָט ער זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז דאָס שפּירט מען פון די תהלים־זאָגערס... מען האָט אים גע־געבן אָנצוהערן, אַז די יידן זיצן שוין אַ גאַנצע נאַכט און זאָגן תהלים פאַר זיין מומעס נשמה...

קינדעלמאַן האָט אַרויסגענומען עטלעכע צענערלעך. מ׳האָט אַדויס־געשיקט נאָך משקה און מ׳האָט אויפסניי אָנגעהויבן טרינקען.

אויבנאָן איז געזעסן אַ ייד, וואָס האָט זיך אונטערגעשיידט פון זיי אַלעמען, סיי מיט זיינע איידעלע פּנים־שטריכן און סיי מיט זיין הלבשה, אינגאַנצן אין קאָנטראַסט צו די איבעריקע, מיט דעם טיפּישן אויסזען פון אַ כלי־קודש, וואָס מיט זייערע טעמפּע פּנימער און האַלטונג, האָט מען זיך לייכט געקאָנט אָנשטויסן, אַז דאָס זענען מענטשן פון אַן אַנדער גע־זעלשאַפט... אָט דער ייד, וואָס ווייזט אויס דער שמש, חזן אָדער „רבי״, אָדער אַלע דריי צוזאַמען, האָט זיך געווענדעט צו אים:

— צדוק! אייער מומע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, איז געווען אַ צדקת. אירע מעשים טובים זענען אַלעמען געווען באַקאַנט. זי האָט געהאַט אַ גאָלדן האַרץ. זי האָט יעדן איינעם אויסגעהערט, מיטגעפילט יענעמס ליידן און צרות, געהאַט אַן אָפענע האַנט, געשטיצט אָרעמע אי־בער אירע כוחות... איר האָט זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען מיט אייער מומע.

אָט דער ייד האָט אים אָנגעהויבן אויפווייזן, אַז נאָך אין די אַמאָ־ליקע צייטן, זענען שוין געווען בתי זונות. די גענעראַלן, ווען זיי האָבן מלחמה געהאַלטן מיט זייערע שונאים, האָבן פאַר זייערע חיילות מיט־גענומען זונות... ער האָט שטאַרק און טעמפּ אויסגעהערט די אַלע מעשות. געווען אַ קנאַפּער ווייסער אין די קליינע אותיות בכלל און אין די אַלע פּראָבלעמען בפרט. ער איז געזעסן ווי אין הינערפּלעט, געקוקט אין חלל אַריין. ווען נישט דער שטאַרקער ריח פון בראָנפן און די ליכט צוקאַפּנס וואָלט ער געמיינט, אַז דאָס אַלץ איז אַ חלום. ער האָט געוואָלט וואָס

שנעלער דאָס איבערקומען. ער האָט אָבער נישט געוווסט, ווי אַזוי אָנ־צוהויבן. ער האָט נאָר פאַרשטאַנען איין זאַך: אַז אַזוי איבערלאָזן די זאַך ווי זי איז, קאָן ער נישט.

אין אַ שעה אַרום איז געקומען אַ מענטש, עלעגאַנט אָנגעטאָן, מיט די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אַ ווילן יונג, העפלעך זיך פאַרנייגט, זיך פאַרגעשטעלט אַלס ראש פון אַ געזעלשאַפט, וואָס דער מענטש האָט אָנגערופן „הילפס־פאַראיין" און, מעשה סוחר, פאַרלייגט אַ שמועס, אַז די מומע האָט זיי געקאָסט אַ סך געלט, שוין אַ פּאָר יאָר ווי זיי האָבן זי אויסגעהאַלטן, געהיילט פון אירע חולאתן און אַז זייער פאַראיין טוט אַלץ אויף דעם געביט צו העלפן זייערע מיטגלידער מיט אַלע מיטלען.

ערשט איצט האָט זיך לעאָן געכאַפּט אין וואָס פּאַר אַ לאַגע ער געפינט זיך. פון די גרינגע יאָרן האָט ער געוווסט, אַז די לייט האָבן אַ באַזונדערן בית־עלמין. אָבער ווער מען האָבן די אַלע זאַכן אינטערעסירט? אויף זיין לעבנס־גאַנג האָט ער אָנגעטראָפן אויף פאַרשידענע מענטשן. אָבער דאָס מאָל איז עס געווען דער ערשטער פאַל, וואָס ער קומט אין דירעקטע פאַרהאַנדלונגען מיט אַזעלכע מענטשן. ער און זיין פרוי האָבן זיך שטאַר און שטום אָנגעקוקט. זיי האָבן זיך געפילט אומבאַהאָלפן. עס איז אים נישט געגאַנגען אין קיין געלט, די סומע וואָס דער מענטש האָט אָנגערופן — כאָטש זי איז געווען אַ הויכע, האָט אויף אים קיין איינדרוק נישט געמאַכט. אָבער די חרפה.

מענטשן וועלן דאָך געוווויר ווערן... פריינט וועלן אים באַדויערן. שונאים וועלן זיך פרייען, אַז זיינע אַ „מומע" ווערט באַגראָבן צווישן אַזעלכע מענטשן... ווי פּאַסט עס פּאַר אים?

דאָס אַלץ איז געקומען אַזוי פּלוצלינג, אומגעריכט. עס איז אים קיינמאָל נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז די מומע זאָל אים אַוועקשטעלן אין אַזאַ סיטואַציע. מעגלעך, ווען ער טראַכט וועגן דעם אין דער צייט, וואָלט עס געוויס נישט געקומען צו אַזאַ נישט לויבבאַרן אויסוועג. ער, לעאָן קינדעלמאַן, מיט זיינע מיליאָנען, מיט זיינע פאַרבינדונגען, קאָנטשאַפט מיט די רייכסטע, פיינסטע פאַמיליעס אין בוענאָס־איירעס און אין אינגלאַנד! ער וועט צו דעם נישט דערלאָזן!

אָבער דאָ האָט מען געדאַרפט האַנדלען שנעל און דעצידירנדיק. ער, לעאָן, וואָס פלעגט אין זיינע געשעפטן אין געציילטע מינוטן אויפבינדן די שווערסטע קאָמערציעלע טראַנזאַקציעס, די פאַרוויקלטסטע קאָמפּלי־קאַציעס, פלעגט ער אַנווייזן זיינע בוכהאַלטערס, ווי זיי דאַרפן עס אַריינ־ציען אין די ביכער. זיין אַדוואָקאַט און די בוכהאַלטערס פלעגן נישט איין מאָל אים באַוואונדערן פאַר זיינע איינפאַלן. אונטער זיינע אויגן פלעגן זיי קאָמענטירן, וואָס אַ מענטש פון אַזאַ נידעריקן גראַד קולטור ווייזט אַרויס אַזעלכע איינפאַלן! אָבער דאָ, אין דעם פאַל, האָט ער זיך נישט געקאָנט אָריענטירן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זיין טאָכטער דאַרף אים די טעג פאָרשטעלן אַ יונגנמאַן — אַ דאָקטאָר — מיט גאָר אַ געהויבענעם יחוס, איינע פון די פיינסטע פאַמיליעס. שיין וועט ער אויס־זען פאַר זיינע קינדער, און פאַר אַלע באַקאַנטע!...

ער האָט געפילט, אַז די פיס ברעכן זיך אונטער אים. עס האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרצן. עס האָט אים אויסגעפּעלט אָטעם. וואָס טוט מען? ווו גייט מען? מיט וועמען באַראָט מען זיך? עס האָט אים אויפ־געבליצט אַ געדאַנק.

ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין קאָטש, איז צוגעפאָרן צו דער חברה קדישא, געבעטן אַן אוידיענץ ביים פּרעזידענט. לאַנג האָט אים נישט גע־לאָזט וואַרטן דער פּרעזידענט. לעאָן קינדעלמאַן איז באַלד צוגעגאַנגען צום ענין. ער האָט געעפנט זיין האַרץ. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער אים געבעטן, אַז ער זאָל נישט צולאָזן ער זאָל ליידן אַזאַ שאַנדע...

לעאָן האָט גאָרנישט פאַרלייקנט. עס גייט אים נאָר אין דער צו־קונפט, אין גוטן נאָמען פון זיינע קינדער — האָט ער דערקלערט.

דער פּרעזידענט, אויסהערנדיק קינדעלמאַנען, האָט געזאָגט, אַז דאָס בעסטע וואָס ער האָט געטאָן אין דעם פאַל, איז וואָס ער האָט זיך גע־ווענדעט דירעקט צו אים, ווי צו אַ פאַרמיטלער. עס איגטערעסירט אים נישט יחוס אבות, נאָר יחוס עצמו. כאָטש פּערזענלעך האָבן זיי זיך נישט געקענט, שאַצט ער אָבער אָפּ די פּערזענלעכע מעלות פון קינדעלמאַנען.

— איר, פריינט קינדעלמאַן, קענט אונדז מיט אייערע מיליאָנען נישט אָפּקויפן. אָבער דער פאַקט וואָס איר באַשטייערט זיך פאַר אַלע

קאַמפּיינען, אָן אויסנאַם, און וואָס אייערע נדבות פאַר אַלע שטאַטישע הצטרכותן, וואָס איר גיט מיט אַ ברייטער האַנט, זענען פריוויליקע, נעמען מיר אין אַכט. אַזאַ מענטש, ווי איר, איז אונדזערס אַ פריינד.

און ביים געזעגענען זיך האָט דער פּרעזידענט געטרייסט קינדעל־מאַנען, זאָגנדיק, אַז די פּראָבלעם איז שוין מער קיין פּראָבלעם נישט. דאָס איז דאָס איינציקע שוואַרצע פּינטעלע אויף דעם בוענאָס איירעסער יידישן ישוב, וואָס איז שוין אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהייט...

***

דעם זעלבן טאָג האָט מען געבראַכט צו קבורה די מומע אויף דעם בית־עולם.

לעאָן קינדעלמאַן האָט פריער אָפּגעאָטעמט.

# אין אַ רעגנדיקער נאַכט

שוין דער דריטער טאָג ווי לאָרענזאָ כימענעז איז פֿאַרשפּאַרט אין זיין שטיבל, וואָס געפינט זיך אויסער דעם שטעטל. אַ מבול האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פונ'עם הימל. ס'האַלט אין איין רעגענען. עס דונערט און עס בליצט אַזוי ווי דער הימל וואָלט זיך געשפּאָלטן. דאָס געוויסער האָט זומפּיק געמאַכט די וועגן, אַראָפּגעשווענקט אַלע שטיינער. ער האָט שוין עטלעכע מאָל פּרובירט אַרויסגיין איינקויפן זיך עפּעס עסן, דער אַלמאַ־סען האָט זיך געפונען אַביסל וויטלעך, אָבער אָפּגייענדיק אַ קוואַדראַ־צוויי, האָט ער זיך געמוזט אומקערן. ער האַלט אין איין קוקן אין הימל אַריין מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט זיך אויסלייטערן, אָבער די וואָלקנס פֿאַרציען זיך וואָס אַמאָל געדיכטער, פֿאַרשפּרייטן אַזאַ חושך, וואָס ברענגט אים ממש אַריין אין פֿאַרצווייפלונג.

אָבער מער נאָך ווי עס מאַטערט אים דער אייגענער הונגער, פּייניקט אים דאָס רחמנות־געפיל צום הונט, וואָס ליגט אויסגעצויגן אין אַ ווינקל און קוקט אַזוי אונטערטעניק אים אין די אויגן אַריין. לאָרענזאָ קאָן זיך נישט שענקען וואָס ער האָט פֿאַרנאַכלעסיקט, נישט אָנגעגרייט געגוג עסן פֿאַרן הונט. כאָטש זיין פּראָוויזיע האַלט שוין ביים סוף — אַ פּעקל גאַליעטן און אַ ביסל מאַטע. דאָס איז אַלץ, וואָס געפינט זיך אין דער ראַנטשע, אַרט אים נישט אַזוי זיין פּערזענלעכער הונגער, ווי ער פילט זיך שולדיק פֿאַר דער שטומער באַשעפעניש, וואָס איז די לעצטע אַכט יאָר זיין איינציקער פריינט. זייט די אַלטיטשקע זיינע איז געשטאָרבן האָט ער אַריינגענומען דאָס הינטל, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען אַ פּאָר טעג, און ביז דעם טאָג האָבן זיי זיך נישט צעשיידט.

לאָרענזאָ האָט שוין אַריבערגעשפּאַנט די זעכציקער, דאָך האַלט ער זיך קרעפטיק, טוט שווערע אַרבעטן, וואָס רופט אַרויס באַוווּנדערונג.

לעצטנס איז ער באַשעפטיקט אַלס אַרויסהעלפער ביי אַ קאַמיאָנערא, וואָס האָט זיין סטאַציע ביי דעם וואָקזאַלעכל אויף דער צווייטער זייט פונעם שטעטל. יעדן פרימאָרגן, מיטן טאָג צוגלייך, פאַרלאָזט ער זיין שטיבל, פאַרזאָרגנדיק צוערשט מיט עסן אויף אַ גאַנצן טאָג דעם הונט זיינעם. דערנאָך פאַרברענגט אַ גאַנצן טאָג ביים וואָקזאַלעכל, אָפּוואַרטנדיק די צורייזנדיקע אָפּצופירן זייער געפּעק אָדער אַנדערע זאַכן. ער איז צופרידן מיט זיין לאַגע, דער עיקר וואָס ער דאַרף נישט אָנקומען צו קיינעם. ער האָט זיך צוגעוווינט צו זיין אַרט לעבן, אַ מענטש אַ באַשיידענער, מיט רעספּעקט פאַר יעדן איינעם, האָט ער געוווּנען צוטרוי און באַציאונג מצד מענטשן, מיט וועלכע ער קומט אין קאָנטאַקט.

אין די צוויי טעג וואָס ער האָט צוליב דעם שלעכטן וועטער געמוזט בלייבן אין זיין שטיבל, איז אים אַרויפגעשווומען שטיקער פון זיין לעבן אויפן רעיון. אַ וויסטער טרויער האָט אים אַרומגענומען. זיצנדיק אויף זיין בעט האָט ער אָנגעהויבן צו מאַכן חשבון הנפש פון זיין פאַרגאַנגענהייט. מיט יאָרן צוריק האָט ער געהאַט זיין אייגנס אַ גרויסע נחלה, געפירט אַ שיין פאַמיליען־לעבן, געווען אַן אָנגעזעענער בירגער. צוויי קינדער זע־נען אָוועק אין דער גרויסער שטאָט. פון איינעם ווייסט ער גאָרנישט. ער איז ערגעץ ווו פאַרפאַלן געוואָרן. דער צווייטער זון קומט צו אים אויף באַזוך פון צייט צו צייט. דאָס לעצטע מאָל האָט ער אים אָנגעבאָטן מיט־צופאָרן. אָבער ער וויל בעסער בלייבן דאָ, אין זיין אייגן שטיבל, איידער צו זיין ביי אַ שנור. ער פילט זיך נאָך ביי די כוחות צו פאַרדינען אויף אַ באַשיידן לעבן. ווען די פרוי זיינע איז געשטאָרבן, האָט ער אַ צייט שפּע־טער געהאַט אַ געלעגנהייט חתונה צו האָבן מיט אַ צווייטער. ער האָט אָבער שטאַרק געטרויערט נאָך זיין אַמאַליאַ. זיך נישט געקאָנט דעצידירן. און איצט איז שוין אַביסל צו שפּעט.

אויפגעוועקט פון זיין טראַכטן, האָט אים זיין הונט, וואָס איז מיט אַמאָל געוואָרן אומרואיק, צוערשט אָנגעשפּיצט די אויערן און דערנאָך אָנגעהויבן בילן. אַ לייכטער קלאַפּ אין טיר און אַ שטיל אָנרופן זיין נאָ־מען האָט ביי אים אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג. — ווער קאָן עס זיין אין אַזאַ שפּעטער שעה און ביי אַזאַ שלעכט וועטער?

ער האָט אָנגעצונדן דאָס קאַרביד־לעמפּל, וואָס האָט פאַרטריבן די טונקלקייט, אָבער זייער ווייניק ליכטיק געמאַכט דאָס שטיבל. עפּענענדיק די טיר האָט ער דערזען אין חלל אַ מענטש איינגעהילט אין אַ פּאָנטשאָ, דעם הוט טיף אַראָפּגערוקט איבערן פּנים און האַלטנדיק ביי אַ צוימל אַ פערד.

— לאָרענזאָ, בוענאָס נאָטשעס, דערקענסט מיך? דאָס בין איך, פּאַנטשאָ, דיין אַמאָליקער פריינד פון אַ סך יאָרן צוריק. איך בין געקו־מען צו דיר זאָלסט מיך לאָזן איבערנעכטיקן. דאָס הינטישע וועטער האָט מיך געבראַכט צו דיין טיר. איך בין דורכגענעצט ביזן ביין. איך קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן...

די ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַ שטימע פול מיט תחנונים. אויף לאָרענזאָס פּנים האָט זיך פאַרצויגן אַ וואָלקן. נאָך אַ ווײַלע טראַכטן, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— שטעל אַוועק דאָס פערד דאָרט אונטערן דעכל, און קום אַריין.

לאָרענזאָ האָט גוט געוווּסט, אַז מיטן לאָזן איבערטרעטן פּאַנטשאָן די שוועל פון זיין שטוב, ריזיקירט ער אַ סך. אָבער ער האָט אַנדערש נישט געקאָנט האַנדלען. מיט אַ סך יאָרן צוריק האָבן זיי געאַרבעט צוזאַמען. קיין גרויס פריינטשאַפט איז צווישן זיי קיינמאָל נישט געווען. פּאַנטשאָ איז געווען ייִנגער פון לאָרענזאָן מיט אַ 10 יאָר. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַן אויפגעברויזטן טעמפּעראַמענט. זיינע איבערצייגנדיקע רייד זענען געווען די פויסטן. ווען דאָס האָט נישט געווירקט, האָט ער זיך געכאַפּט צום מעסער. ווי ווייט מעגלעך, האָט מען אים אויסגעמיטן. קיינער האָט מיט אים נישט געוואָלט האָבן צו טאָן.

שוין אַ סך יאָרן אין דעם ווי זייערע וועגן האָבן זיך געשיידט. לאָ־רענזאָ האָט געהערט, אַז ער, פּאַנטשאָ, האָט שטענדיק צו טאָן מיט דער פּאָליציי. פירט טונקעלע געשעפטן. עס איז אים געווען באַוווּסט, אַז ער איז אָפּגעקומען אַ תפיסה־שטראָף פון אַ לענגערן טערמין. מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, פאַרברענגענדיק אין אַ שענק, האָט ער געהערט ריידן וועגן אַ גרויסער גנבה און דערביי איז פּאַנטשאָס נאָמען דערמאָנט געוואָרן.

אָן אַ וואָרט אויסצורייַדן האָט פּאַנטשאָ אָנגעהויבן אַראָפּציען פון זיך

די נאַסע מלבושים. כמעט אַ גאַקעטער האָט ער זיך צוגעזעצט צום קליינעם פייערל, ווו אויף טליענדיקע קוילן האָט געזאָדן אַ טשייניק וואַסער. די צוויי מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַטראַכטן פון דער נאָענט.

— לאָרענזאָ, זיי מיך מכבד מיט אַ שטאַרקער גראַפּע. דאָס וועט מיך דערוואַרעמען. איך האָב דורכגעריטן אַ לענגערע שטרעקע, נישט געהאַט ווו זיך אָפּצושטעלן. איך געדענק שוין נישט זייט יאָרן אַזאַ גע־וויטער...

— דאָס איינציקע מיט וואָס איך קאָן דיך מכבד זיין איז מיט אַ ביטערער מאַטע, דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב אין מיין אָרימער ראַנטשע. זעסט דעם הונט? שוין דעם דריטן טאָג ווי ער עסט נישט. פון מיר איז שוין אָפּגערעדט. מאָרגן, ווי דער וועטער זאָל נישט זיין, מוז איך באַ־זאָרגן דעם הונט מיט עסן...

— דו רעדסט פון דיין הונט? פאַרגעסט אַז מיין פערד האָט מיך קוים דערשלעפּט צו דיין ראַנטשע, אַזוי אָפּגעשוואַכט איז ער. אַביסל האָבער וואָלט אים ממש מחיה געווען.

נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן, האָט פּאַנטשאָ זיך אָפּגערופן:

— איך וועל דיר עפּעס פאָרשלאָגן. נעם דאָס פערד, רייט צו צום שטעטל, ווּעסטו איינקויפן עסן פאַר אונדז אַלעמען.

זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. זיי האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען. לאָרענזאָ האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן און זיך נישט געקאָנט דעצידירן. אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך דער הונט אַוועקגעלייגט ביי זיינע פיס, דעם קאָפּ אַריינגענומען צווישן די פאָדערשטע לאַפּעס און אָנגעהויבן וואָיען. זיין האַרץ האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. ביז מאָרגן וועט דער הונט נישט אויסהאַלטן. אָן אַ וואָרט אויסצורעדן האָט ער אַרויפגע־וואָרפן אויף זיינע אַקסלען זיין פּאָנטשאָ און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

פּאַנטשאָס שאַרפער געהער האָט אויפגעכאַפּט דאָס טאַפּטשען פון די פערדישע פיס אין דער בלאָטע, וואָס אַמאָל שטילער, ביז די נאַכט־פינצטערניש האָט זיי ביידע פאַרשלונגען.

פון מידקייט האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף לאָרענזאָס בעטל און איז באַלד איינגעשלאָפן.

די לעצטנס פאַרגעקומענע אָפטע גנבות און אָנפאַלן אינעם שטעטל, ווי אין די אַרומיקע געגנטן, האָט געשטעלט אויף די פיס די פּאָליציי. נאָך אַ געהעריקער אויספאָרשונג איז דער פאַרדאַכט געפאַלן אויף פּאַנטשאָ. אָבער כאָפּן אים האָט זיך אַזוי לייכט נישט איינגעגעבן, ווייל פּאַנטשאָ האָט גוט געקענט די געגנט, איר איינגעווײנערשאַפט, צווישן וועלכער ער האָט געהאַט אַ סך פריינט, וואָס האָבן אים אין אַן עת צרה געהאָלפן אויסבאַהאַלטן. אָבער די פּאָליציי האָט געדולדיק געפירט אירע פאָרשונגען, מיט דער זיכערקייט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט ער אַריינפאַלן אין אירע הענט. זי האָט געהאט אַ וואַך אויג און אָנגעשטעלט אירע באַאַמטע אויף ערטער ווו מענטשן קומען זיך צונויף.

לאָרענזאָ איז אין אַ שפּעטער שעה געקומען אין אַלמאַסען איינקויפן פאַרשידענע לעבנסמיטלען און דאָס ערשטע וואָס ער האָט געבעטן איז געווען ביינער פאַרן הונט און דערביי איבערגעגעבן פאַר די אַנוועזנדיקע די ליידן און דעם רחמנות־געפיל וואָס דער הונט האָט ביי אים אַרויסגערופן. דער אַלמאַסענעראָ, אַן אַלטער באַקאַנטער פון אַ סך יאָרן, האָט אויסגעדריקט אָפענע פאַרוווּנדערונג, ווען לאָרענזאָ האָט אָנגעהויבן באַשטעלן פאַרשידענע גערויכערטע פליישן, אַ פלאַש גראַפּע, צוויי פלעשער ווייַן, און נאָך פאַרשידענע עסנוואַרג־זאַכן. ער האָט לאָרענזאָן געקענט די לעצטע יאָרן פאַר אַ באַשיידענעם מענטשן, זיינס אַ קליענט פון אַ לענגערער צייט, האָט ער האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט געפרעגט:

— לאָרענזאָ, איר פראַוועט אַ וועטשערע צו אייער צווייטער חתונה?

לאָרענזאָ האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. אין מאָמענט ווען ער האָט שוין געוואָלט באַצאָלן פאַר די אַלע זאַכן, איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן נעבן אים דער קאָמיסאַר פונעם שטעטל און מיט אַן אַרויסרופערישער שטימע געפרעגט:

— דאָן לאָרענזאָ, דאָס פערד וואָס איר האָט איבערגעלאָזט אין דרויסן, צו וועמען געהערט עס?

די פראַגע, וואָס איז געקומען פּלוצלונג, האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט. עס איז אים אָפּגעהאַקט געוואָרן דאָס לשון. ער האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען און געפילט, אַז די פיס ברעכן זיך איין אונטער

אים. ער האָט זיך געגעבן רעכענונג אין וואָס פאַר אַ לאַגע ער געפינט זיך, אין וואָס פאַר אַ זומפּ ער איז אומגערן פאַרקראָכן. דאָס צווייטע מאָל פרעגן, איז שוין געווען באַגלייט מיט אַ הויכן אויסגעשריי און גלייכצייטיק האָבן צוויי פאַר הענט אים אָנגעכאַפּט און ברוטאַל אַרויס־געשלעפּט אין דרויסן, אַריינגעוואָרפן אין אַ וואָגן און אַוועקגעפירט אין דער שטעטלשער קאָמיסאַריע.

אַן שום צערעמאָניע איז לאַרענזאָ אַוועקגעזעצט געוואָרן אויף אַן אויספאָרשונג־שטול און דער קאָמיסאַר האָט זיך צו אים געווענדט:

— לאַרענזאָ, מיר קענען אייך פאַר אַ פיינעם אַרבעטזאַמען מענטש. אין אייער אָרנטלעכקייט צווייפלען מיר גאָרנישט. אייך קאָן ראַטעווען פון דער נישט אנגענעמער סיטואַציע אייער אויפריכטיקייט. אויב עס וועט שטימען מיט אונדזערע דאַטעס, קאָן איך אייך פאַרזיכערן, אַז איר וועט אַרויס פון דער גאַנצער געשיכטע מיט כבוד.

לאַרענזאָ האָט מיט אַ ציטערנדיקער שטים איבערגעגעבן די פּאַסי־רונג פון דער לעצטער נאַכט, נישט פאַרלייקענענדיק קיין שום דעטאַל.

— איצט, פריינט לאַרענזאָ, זייט וויסן, אַז אַלץ וואָס איר האָט אונדז איבערגעגעבן שטימט מיט דער ווירקלעכקייט. אָבער איר דאַרפט איצט טאָן איין זאַך: אונדז אַרויסהעלפן כאַפּן פאַנטשאָן לעבעדיק. מיר גייען שוין נאָך אַ צייט זיינע פוסטריט. מיר ווייסן, אַז ער געפינט זיך אינעם איצטיקן מאָמענט ביי אייך אין ראַנטשאָ. אָבער מיר ווייסן אויך, אַז ער איז באַוואָפנט... די מענטשן פאַרקויפן זייער פרייהייט פאַר זייער טייער. מיר ריזיקירן נישט אַזוי לייכט. דאָס וואָס מיר ווילן איז — אים איבער־כיטרעווען... איר דאַרפט שפּילן די זעלבע ראָל ווי ביז איצט. איר באַ־קומט שוין אייער פרייהייט. דער איינציקער באַדינג איז איר זאָלט ביי אים צונעמען דעם רעוואָלווער. שפּעטער אונדז געבן אַ צייכן. ס׳קאָן זיין מיט דעם וואָס איר וועט זיך באַווייזן אין דער טיר מיט אייער הונט, און די רעשט לאָזט איבער פאַר אונדז...

— הער קאָמיסאַר, איך קאָן ביי זיך נישט פועלן צו שפּילן אַזאַ ראָל. דאָס איז קעגן מיינע מענטשלעכע פּרינציפּן. דעמאָלט ווען איך האָב אים

אויפגענומען ווי אַ גאַסט, געגעבן אים נאַכטלעגער, באַטראַכט איך אים ווי אַ פריינט — האָט זיך אָנגערופן לאָרענזאָ.

— אייערע מענטשלעכע פרינציפּן זענען נישט בלויז פאַר אייך אַליין, נאָר זענען אונדזערע אַלעמענס. אָבער אין דעם פאַל האַנדלט זיך אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַרברעכער, וואָס באַהאַנדלט זיינע קרבנות אָן שום אייג־זען. צופעליקע פאַרברעכער באַהאַנדלען מיר יושרדיק און מיט איינזען. אַזעלכע טיפּן פאַרברעכער ווי פאַנטשאָ פאַרדינען נישט קיין רחמנות. זיי דאַרפן זיך געפינען אונטערן שלאָס און ריגל, איזאָלירט פון דער געזעל־שאַפט — האָט אַרגומענטירט דער קאָמיסאַר.

אַ צייכן מיטן קאָפּ, אַז ער נעמט אָן דעם פאָרשלאַג, האָט אים דער־מעגלעכט צו באַקומען די פרייהייט.

עס איז שוין געווען אין די פאַרטאָג־שעהן, ווען לאָרענזאָ האָט פאַר־לאָזט די קאָמיסאַריע. דער רעגן האָט זיך איינגעשטילט. אַ שטאַרקער דרום־ווינט האָט געבלאָזן. איבערטרעטנדיק די שוועל פון דער ראַנטשע האָט ער געטראָפן פאַנטשאָן זיצן אויפן ראַנד פון זיין בעטל אין גרויס נערוועזיטעט. ער האָט אים אָנגעהויבן צו פרעגן פאַרוואָס ס'האָט אַזוי לאַנג געדויערט. לאָרענזאָ האָט אָנגעהויבן צו געבן פאַרשידענע תירוצים, וואָס האָבן אים נישט איבערצייגט. דער אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג, אַז דער אַלטער פאַרהוילט עפּעס. וויפל לאָרענזאָ האָט זיך באַמיט צו האַלטן זיך רואיק, האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. ער האָט פאַנאַנדערגעוויקלט דאָס פּעקל עסנוואַרג, אָנגעהויבן צו שניידן דאָס ברויט. די הענט ביים אַלטן האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן. דאָס מעסער איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. די קאָליר פון פּנים האָט זיך געהאַלטן אין איין בייטן. פּלוצלינג איז ער זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין. פאַנטשאָ האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ שטעל אויף, צוגעגאַנגען נאָענט צו לאָרענזאָן, אַזוי אַז איינער האָט דעם צווייטנס אָטעם געפילט. מיט אויגן פאַרלאָפענע מיט בלוט, מיט צוזאַמענגעצויגענע, קראַמפּהאַפ־טיקע הענט:

— רייד, דו אַלטער הונט, רייד, ווייל איך דערשיס דיך דאָ אויפן אָרט...

— שיס, פאַנטשאַ... שיס, איך האָב זיך עס ערלעך פאַרדינט זאָלסט מיך דערהרגענען, איך האָב דיך פאַרראַטן. אַנטלויף, פאַנטשאַ, ווייל דיין לעבן איז אין גרויס געפאַר. אַנטלויף, און וואָס גיכער...

פאַנטשאָ האָט אויף שנעל אָנגעהויבן אַרויפציען אויף זיך די מלבו־שים. מיטן רעוואָלווער אין האַנט האָט ער אַ פּראַל אויף געטאָן די טיר, זיך געלאָזט צום פערד... אַ האָגל פון קוילן האָט אים באַגעגנט און ער איז גלייך אַוועקגעפאַלן אַ טויטער.

ווען די פּאָליציי איז אַריין אין דער ראַנטשע, האָט זי געטראָפן לאָ־רענזאָן אויסגעצויגן אויף דער ערד נעבן זיין הונט, אין אַ פיבערדיקן צושטאַנד, מורמלענדיק און איבערחזרענדיק כסדר די ווערטער:

— הער קאָמיסאַר, זייט מיר מוחל, איך האָב אַנדערש נישט גע־קאָנט...

# אַ טעות

אַ צופרידענער, מיט אַ טריאומפירנדיקן שמייכל אויפן פּנים, האָט מאַריאַ זוסמאַן פאַרלאָזט די הויפּט־דירעקציע, וווּ ס׳איז דעפיניטיוו גע־שלאָסן געוואָרן דער קאָנטראַקט. אויף אַ צייט פון צוויי יאָר נעמט ער איבער דעם פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט אַלס סוב־כערענטע פון דעם געשעפט־הויז אין דער הויפּטשטאָט, וואָס די פירמע האָלט ביים אָרגאַניזירן, און וואָס דאַרף דערעפנט ווערן דעם קומענדיקן חודש. שוין אַ וואָך צייט ווי ס׳איז אים שריפטלעך געמאָלדן געוואָרן אַז ער ווערט באַשטימט אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן.

דאָס אַלץ איז פאַר אים געווען אַ גרויסער סורפּריז, נישט דערפאַר וואָס ער האָט חלילה ספיקות בנוגע זיינע פּערזענלעכע פעאיקייטן, אָדער ער באַטראַכט זיך פאַר נישט פּאַסיק פאַר אַזאַ הויכן אַמט, נאָר צוליב גאַנץ אַנדערע מאָטיוון.

ס׳איז אינגאַנצן דריי יאָר ווי ער אַרבעט אין דער פאַבריק וואָס באַ־שעפטיקט אַ צוויי הונדערט אַרבעטער, האָט אַ שטאָב מיט העכערע אָנ־געשטעלטע מיט אַ גרעסערן סטאַזש פאַר אים.

זייט ס׳איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די פירמע האָט באַשלאָסן צו עפע־נען אַ געשעפט־הויז אין בוענאָס־איירעס, כדי די אַרטיקלען וואָס זי אַר־בעט אויס, אייזקאַסטנס, עלעקטרישע קיכן און אַ ריי אַנדערע מכשירים פון מאַסן־געברויך, זאָלן אָנקומען דירעקט צום קאָנסומענט אָן שום פאַר־מיטלער, זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע קלאַנגען וועגן די עווענטועלע אָנפירער פאַר דעם געשעפט און יעדן איינעם פון די אָנגעשטעלטע האָט געלאָקט צו פאָרן קיין בוענאָס־איירעס.

מאַריאַ זוסמאַן האָט דעם פאַל אויפגענומען, ווי אַ באַזונדערן זכות. דאָס מזל האָט אים ספּעציעל אַ שמייכל געטאָן. ער האָט זיך נישט געהאַט

וואָס צו באַקלאָגן: ער האָט זייער שיין פאַרדינט. מען האָט זיין אַרבעט אָפּגעשאַצט. אָבער דאָס וואָס די פאַבריק האָט זיך געפונען ווייט אויסער דער שטאָט און ער איז געווען אָפּגעריסן פון דער געזעלשאַפט, דאָס האָט אים געבראַכט צו טראַכטן וועגן פאַרלאָזן דעם אַרבעט־פּלאַץ. אוז דאָ, מיטאַמאָל, ווערט ער באַשטימט צו פאָרן אין דער הויפּטשטאָט, דערצו צו באַקומען אַ שיינעם געהאַלט, זיין צופרידנקייט האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ.

פאָרנדיק אין דער באַן אַ נאַכט מיט אַ האַלבן טאָג, האָט ער זיך שטאַרק דענערווירט און נישט געקאָנט זיך געפינען קיין אָרט. פאַרשיידענע געדאַנקען זענען אים אויפגעשווומען אין זיין מוח. שטיקער פון זיין לעבן זענען פאַר אים פאַרבייגעגאַנגען אַזוי ווי אין אַ פילם. געבראַכט קיין אַרגענטינע האָבן אים זיינע עלטערן נאָך אַלס קינד, פון אַ קליין שטעטל אין פוילן. דער פאָטער זיינער, וועלכן ער געדענקט נאָך גאַנץ גוט, האָט שווער און ביטער געקעמפט פאַר פרנסה. ביז ער האָט דערגרייכט צו אַ קליין פאַרמעגן. ער האָט דעם זון זיינעם געגעבן אַ גוטע דערציאונג. לייד־ דער האָט ער נישט דערלעבט צו האָבן נחת פונעם זון.

נאָכן פאָטערס טויט האָט מאַריאָ דאָס שטודירן נישט געוואָלט אויפ־ געבן. די מוטער האָט דאָס געשעפט אַליין נישט געקאָנט פירן. ער האָט זיך זייער יונג רעסיווירט אַלס אינזשינער מיט באַזונדערע אויסצייכע־ נונגען. באַקומענדיק דעם פּאָסטן אין דער פאַבריק, האָט ער גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון די העכערע באַאַמטע מיט זיינע ספּעציעלע פעאי־ קייטן, דער עיקר מיט זיין פּינקטלעכקייט. וואָס אַמאָל איז ער העכער געשטיגן. גלייכצייטיק איז זיין געהאַלט געוואַקסן אויף אַזוי פיל, אַז ער האָט געקאָנט בכבודיק אויסהאַלטן זיין מוטער און פירן אַ זעלבסשטענדיקן פאַמיליען־לעבן. ער האָט זיך אָבער נישט געאיילט חתונה צו האָבן. אַן אַנטוישונג אין דער ליבע פון זיין פריער יוגנט איז געווען דער מאָטיוו פון זיין אָפּהאַלט.

מיט זיין שיינעם אויסזען, מיט גוטע מאַנירן, פלעגט ער שטענדיק אין דער געזעלשאַפט אויסנעמען. באַזונדערס פלעגט ער האָבן דערפאָלג

ביים שיינעם מין. ער פלעגט גערן פאַרברענגען אין זייער געזעלשאַפט און נישט אָפּזאָגן זיך פון זייער פריינטשאַפט.

שווער סאָפּענדיק און באַדעקט מיט שטויב איז די באַן אַרום האַלבן טאָג אין אַ זונטיק אָנגעקומען אויפן הויפּט־וואָקזאַל „רעטיראָ“. די פּאַ־סאַזשירן, מידע, דערשעפּטע פון לאַנגע שעהן פאָרן אין די וואַגאָנען, האָבן אָנגעהויבן זיך לאָזן צום אַרויסגאַנג פונעם וואָקזאַל. מאַריאָ האָט זיך אַ ווײלע געישובט וואָס ער זאָל טאָן. ער האָט געמיינט, אַז עס וועט אים אָפּוואַרטן זיינס אַ פעטער, אַ לאַנגיאָריקער איינוווינער פון בוענאָס־איי־רעס, וועלכן ער האָט שריפטלעך געמאָלדן וועגן זיין קומען. ס׳זענען שוין אָפּגעלאָפן עטלעכע יאָר זייט ער האָט אים געזען. דאָס איז געווען, ווען די מוטער האָט באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז די פרוי זיינע איז פּלוצלינג געשטאָרבן. ער און די מוטער זענען דעמאָלט ספּעציעל געקומען צו דער לוויה. אויפגעהאַלטן זיך אין דער וואָך פון שבעה ביים פעטער אין שטוב. ס׳איז אים געווען באַקאַנט, אַז אין די לעצטע יאָרן איז דער פעטער זיינער רייך געוואָרן און פירט גרויסע געשעפטן, וואָס ברענגען אים אַריין נאָך גרעסערע רווחים. ער האָט געוווּסט, אַז מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ פרוי, ייִנגער פון אים מיט אַ יאָר 15. די אַלע ניייעסן פלעגט אים איבערגעבן די מוטער זיינע און ער פלעגט זיי אויפנעמען גלייכגילטיק. קיין קאָרעספּאָנדענץ האָט ער מיט אים נישט געפירט. האָרט פאַרן אָפּפאָרן אין בוענאָס־איירעס, האָט אים די מוטער געראַטן צו מעלדן שריפטלעך דעם פעטער וועגן זיין קומען.

נאָך אַ לענגערער ווײלע וואַרטן אויפן וואָקזאַל, האָט מאַריאָ באַ־שלאָסן צו פאָרן אין אַ האָטעל. פון דאָרט האָט ער טעלעפאָנירט צו זיין פעטער אין שטוב. אַ פרויען־שטים האָט אים העפלעך געמאָלדן, אַז דער פעטער האָט דרינגנדיק געמוזט געשעפטלעך אָפּפאָרן נעכטן אין אָוונט, און ער ווערט פאַרבעטן אומבאַדינגט דעם זעלבן אָוונט צו נאַכט־עסן. דער פעטער וועט שוין זיין צוריק פון זיין קורצער רייזע. אין זיין נאָמען בעט זי אַנטשולדיקונג. דורכן טעלעפאָן האָט די פרוי זיך פאָרגעשטעלט ווי זיין מומע.

**צו דער אָפּגערעדטער צייט האָט זיך מאַריאָ פּרעזענטירט איינעם**

הויז פון זיין פעטער. אַ דינסטמיידל האָט אים אַ ווײַלע געהייסן וואַרטן אינעם האָל. דאָס איז געווען אַ דעפּאַרטאַמענט־הויז, אין איינער פון די צענטראַלע גאַסן. ס׳האָט אַרויסגערופן ביי אים באַוווּנדערונג די לוקסוס־אויסשטאַטונג פונעם האָל און די זעלטענע קונסט־בילדער, וואָס האָבן אַראָפּגעקוקט פון די ווענט. פאַרטיפט אין באַטראַכטן די בילדער, האָט ער נישט באַמערקט ווי ער ווערט שוין פון אַ לענגערער ווײַל אָבסערווירט פון זיין פעטער און מומען. ווען דער פעטער האָט אויסגערופן: — מאַריאַ, באַקען זיך מיט דיין מומע, האָט ער זיך אויסגעדרייט און דערלאַנגענדיק דער פרוי די האַנט — דערפילט אַ לייכטן ציטער אין זיין קערפּער... זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. זי האָט אים דרייסט געקוקט אין די אויגן אַריין, זאָגנדיק דערביי:

— דער פעטער דיינער האָט פון דיר אַזוי פיל זיך אַנדערציילט, אַז מיר דאַכט זיך מיר קענען זיך שוין פון לאַנג...

מאַריאַ האָט אויפן מאָמענט נישט געפונען קיין פּאַסנדיקן ענטפער. ער האָט זיך פאַרלוירן. ביי זיינע דרייסיק יאָר האָט ער שוין דורכגעמאַכט פאַרשידענע אַוואַנטורעס מיט פרויען. געקענט פרויען פון דער נאָענט. אָבער אין דעם מאָמענט איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער זעלטענער שיינקייט פון דער פרוי. זי איז געווען פון הויכן ווּקס, אַ געשטרעקטע, מיט אַ קאָפּ בלאָנדע האָר, געקעמט אויף אַרויף, וואָס האָט זי געמאַכט מאַיעסטעטיש. אַ געטאָקטע נאָז, דינע ליפּן און צוויי מאַנדל־אויגן וואָס האָבן אַזוי מאָדנע געקוקט אויף אים. ער האָט נישט געוווּסט ווי אויפ־צונעמען דאָס, אויפן ערשטן מאָמענט. ביי דער ערשטער באַגעגעניש, האָט זי אים אָנגעהויבן צו דוצן. און דערצו אין קעגנוואַרט פונעם פעטער.

נאָך אַ ווײַלע, ווען די ערשטע איבערראַשונג איז אַריבער, זענען זיי אַריין אין קאָמעדאָר, ווו ס׳איז געווען צוגעגרייט אַ נאַכט־עסן. דער פע־טער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ פאַמיליאַרן שמועס מיט אים, אָבער מאַריאַ האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון דער מומע. יעדעס מאָל, ווען זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, האָט אים אַ מאָדנער געפיל באַ־הערשט. די פרוי האָט, לויט זיינע אָפּשאַצונגען, געדאַרפט זיין עלטער פון אים העכסטנס מיט 5 יאָר. מיט אַ האַלטונג פון אַ דאַמע, מיט זעלטן

גוטע גרויסשטאָטישע מאַנירן. ער האָט ביי זיך געטראַכט: ווי קומט זי צו זיין פעטער? סיי די עלטער, סיי די האַלטונג, איז געווען גאַנץ פאַר־שידן.

מאַריאַס נייגעריקייט איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט. אין אַ גע־וויסן מאָמענט האָט ער זיך נישט דרייסט געווענדעט צו איר מיט דער ווענדונג „סעניאָראַ"... זי האָט אים געגעבן אַ מעסט אָפּ מיט איר בליק, זאָגנדיק דערביי צום מאַן:

— מאַרקאָס, הער נאָר, פאַר דיין מאַריאָ בין איך אַ סעניאָראַ, נישט קיין מומע...

— זאָל זיין מומע, — האָט מאַריאָ זיך פאַרענטפערט.

— זאָלסט מיך רופן מומע סולעמאַ. — האָט זי געזאָגט.

דאָס נאַכט־עסן האָט זיך פאַרצויגן ביזן שפּעטן אָוונט. אין אַ גע־מיטלעכן שמועס האָבן די דריי מענטשן פאַרבראַכט. ער האָט געשפּילט אַ שאָך מיטן פעטער און צוליב צעשטרייטקייט האָט ער געהאַלטן אין איין פאַרשפּילן. מאַריאָ האָט זיך פאַרענטפערט, אַז דאָס קומט פון מיד־קייט, פון אַ גאַנצער נאַכט פאָרן מיט דער באַן... געוווסט האָט ער אָבער, אַז די שולד האָט די נייע באַקאַנטשאַפט מיט דער מומען, וואָס האָט אין אים אָנגעצונדן אַ געפיל — אַ פרעמדס ביז איצט.

***

איבערנעמענדיק דעם פּאָסטן, האָט מאַריאָ זיך אָפּגעגעבן אייפעריק מיט זיין נייעם אַמט, וואָס האָט אים פאַרנומען אַ סך צייט. דאָס גע־שעפט־הויז האָט זיך געהאַלטן ביים אָרגאַניזירן. פאַרשידענע פּלענער, פּראָיעקטן, וואָס די הויפּט־דירעקציע פּלעגט אויספּלאַנעווען — פּלעגן דורכגיין דורך אים. ער האָט געדאַרפט זאָרגן ס׳זאָל אַלץ פּינקטלעך רע־אַליזירט ווערן. אַ גאַנצע וואָך איז ער געווען שטאַרק באַשעפטיקט, פון די פריע מאָרגן־שעהן ביז אין דער שפּעטער נאַכט.

דער פעטער, וואָס איז געווען אַ „מאַרטיזשעראָ פּובליקאָ", פּלעגט קויפן און פאַרקויפן דעפּאַרטאַמענט־הייזער, טשאַלעטן, געהאַט אַ ביוראָ אין צענטער, וואָס איז געווען גוט באַקאַנט אַלס ראַיעלע פירמע. דער

פעטער פלעגט אין די זונטיקן זיין מער פארנומען ווי אין דער וואכן. דאס פלעגט ער דורכפירן רעמאטעס אין די נעבן־שטעטלעך פון גרויס בוע־נאס־איירעס. ביי א גוט וועטער פלעגט סולעמא מיטפארן מיט איר מאן פארברענגען אין דרויסן א גאנצן טאג, אין די זונטיקן וואס זי פלעגט בלייבן אין שטאט, פלעגט זי פארבעטן מאריאן אויף מיטיק און ער פלעגט די איינלאדונג גערן אננעמען.

יעדעס מאל, ווען ער האט פארבראכט ביי דער מומען, וואס פלעגט זיך פארציען ביזן שפעטן אוונט, פלעגט ער אוועקגיין אין א דעפרימירנ־דיקן צושטאנד. ער פלעגט דערנאך אויפן געלעגער לאנגע שעהן טראכטן פון דער מומען. זי איז פאר אים געווען א ספינקס, א רעטעניש. איר צו־געלאזטקייט צו אים, איר באנעמונג, אויפמערקזאמקייט, דאס ארט ריידן, דאס קוקן אין די אויגן ביים שפילן רומי, דאס אלץ האט אים אויסגעזען עפעס נישט נאטירלעך. געווען מאמענטן, וואס האט זיך אים אויסגע־וויזן, אז זי איז נישט גלייכגילטיק צו אים. אבער אז ער פלעגט אמאל האלטן עטוואס לענגער איר האנט אין זיינער, אדער אומגערן זי אנרירן, פלעגט זי מאכן א ברוגזע מינע און זאגן:

— נו, מאריא, פארזיכטיק, פארגעס דיך נישט — איך בין דיין מומע.

ער פלעגט עס אויפנעמען ווי פרויען־קאקעטעריי. ער פלעגט נישט איין מאל זיך אפגעבן חשבון פון זיין באציאונג צו איר און קומען צום אויס־פיר, אז דאס וואס ציט אים צו דער פרוי איז נישט קיין ליבע, נאר א שטארקע ליידנשאפט, וואס ברויזט אין אים און אז סולעמא איז פון די פרויען, וואס דאס שפילן זיך מיט א מאנס ליידנשאפט פארשאפט זיי פארגעניגן. מעגלעך, אז זי איז צו אים אויך נישט גלייכגילטיק, נאר זי ווייזט עס נישט ארויס.

אזוי איז אפגעלאפן א האלב יאר צייט זייט מאריאס קומען קיין בוענאס־איירעס. ער האט געוווינען דעם פעטערס צוטרוי און דער מומעס פריינדשאפט. וואס אמאל מער איז ער געווארן היימישער מיט סולעמאן און אלץ האט אים באהערשט א שרעקלעכע תאווה. די אומדירעקטע אנ־צוהערענישן וואס ער פלעגט איר מאכן, פלעגט זי אויפנעמען מיט א מינע

פון אַבסאָלוטער גלייכגילטיקייט, ווי נישט צו איר זענען געווענדט די ווערטער...

אין אַ זונטיק, ווען ער איז געווען פאַרבעטן אויף מיטיק, בלייבנ־דיק אַליין מיט איר אין דעפּאַרטאַמענט, האָט ער אויסגענוצט אַ מאָמענט זי פלוצלינג אַרומגעכאַפּט ביי דער טאַליע, איינגעקלאַמערט אין זיינע פעסטע מענערישע אָרעמס. ער האָט באַדעקט איר פּנים מיט הייסע ליידנ־שאַפטלעכע קושן, פליסטערנדיק דערביי די צערטלעכסטע ווערטער:

— סולעמאַ, איך ליב דיך ביז צום שטאַרבן... מיר זענען צוויי יונגע מענטשן, לאָמיר געניסן פונעם לעבן... שטויס מיך נישט אָפּ פון דיר. איך בין גרייט צו טאָן פאַר דיר אַלץ, וואָס דו פאַרלאַנגסט. דיין וואָרט איז פאַר מיר אַ באַפעל...

די הייסע באַגערן, גלוסטונגען צו איר, אָנגעזאַמלט פון אַ צייט, האָבן אָנגעצונדן אַ העליש פייער אין זיין קערפּער. דער ווילדער אויסברוך פון זיינע ליידנשאַפטן האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע ווייַלע. ביז ער האָט זיך געגעבן רעכענונג, אַז ער האָט געמאַכט אַ פאַטאַל פאַלשן שריט און אַ ביטערן טעות. נישט בלויז וואָס זי האָט אים נישט געענטפערט מיט קושן און צערטלעכע ווערטער, נאָר זי איז געשטאַנען און געקוקט אויף אים מיט אויסגעלאָשענע אויגן פון אַ פאַרשטיינערטער מומיע. זי האָט זיך לייכט אַרויסגעמאַכט פון זיינע אָרעמס, און ברענגענדיק אין אָרדענונג איר פריזור, האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט קעגן אים אין אַ פּאָזע, וואָס האָט אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק פון אַן אייז־קאַלטער סטאַטוע...

מאַריאַ האָט פון איבעראַשונג פאַרלוירן דאָס לשון. אַראָפּלאָזנדיק די אויגן צו דער ערד, האָט ער אָנגעהויבן צו שטאַמלען:

— מומע, אַנטשולדיק מיר, זיי מיר מוחל, איך האָב זיך נישט גע־קאָנט באַהערשן. זאָל עס בלייבן צווישן אונדז. זאָג גאָרנישט דעם פעטער פון דעם אַלעמען... איך וועל זיך דאָך באַגראָבן פאַר חרפּה. איך בעט דיך, זאָג עס מיר צו, איך וועל דיר אייביק דאַנקבאַר זיין... — און ער האָט זיך פלוצלינג צעוויינט.

סולעמאַ, אָננעמענדיק אים ביי דער האַנט, האָט אים אָוועקגעזעצט,

מיט איר האַנט־טיכל געווישט אים דאָס פּנים און מיט אַ מוטערלעך קול געזאָגט:

— באַרואיק דיך, מאַריאַ. געוויס בלייבט עס אַ סוד צווישן אונדז. נישט אַלץ דערציילט מען אַ מאַן. אָבער זאָל עס זיין פאַר דיר אַ לעקציע.

מאַריאַ האָט אָנגעכאַפּט סולעמאַס הענט צו קושן, אָבער נישט פון ליידנשאַפט, נאָר פון פאַרערונג און דאַנקבאַרקייט.

# דער ערשטער איינדרוק

— „מאַמאַ, איך האָב פאַר דיר אַ סורפּריז! דעם קומענדיקן זונטיק וועל איך דיר פאָרשטעלן". — מיט די ווערטער האָט זיך בנימין ריקווערט געווענדט צו זיין מוטער. דערביי האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן, נישט קאָנענדיק אויסהאַלטן דעם דורכדרינגלעכן בליק, מיט וועלכן זי האָט אים אין דעם מאָמענט דורכגענומען.

— מיין זון, דו קאָנסט דיר גאָרנישט פאָרשטעלן מיט וויפל פרייד דו פילסט אָן מיין האַרץ מיט דער נייעס... אַ שאָד, וואָס דיין פאָטער האָט נישט דערלעבט די מינוט.

דערביי האָט זי אָנגעהויבן ווישן אירע אויגן, וואָס זענען פול געוואָרן מיט טרערן.

— איך וועל שוין מעלדן עסטעלאַ און פאַני, זיי זאָלן קומען צום מיטיק, ווו איר אַלע וועט האָבן געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט מאַרטאַן.

די מוטער האָט אים אָנגעהויבן באַשיטן מיט פראַגן: ווי זי זעט אויס, וועגן איר עלטער, פאַמיליאַרער אָפּשטאַמונג, און אַזוי ווייטער. ער, ווי שטענדיק, האָט אַרומנעמענדיק די מוטער, געזאָגט:

— איך בין זיכער, אַז זי וועט אייך אַלעמען געפעלן. זי האָט אַלע גוטע מעלות צו זיין אַ געטרייע חברטע און אַ געהאָרכזאַמע שנור. איין זאַך וועל איך דיר זאָגן, מאַמאַ, איך פיל אַז מיט מאַרטאַן וועל איך זיין אַ גליקלעכער מענטש... האָב געדולד, ביז זונטיק פעלט אינגאַנצן דריי טעג. דיין נייגעריקייט וועט באַפרידיקט ווערן...

די נייעס האָט רחל ריקווערטן אַריינגעבראַכט אין אַ האָפערדיקער שטימונג. ענדלעך וועט איר עלטסטער זון חתונה האָבן. געווען מאָמענטן, וואָס זי האָט זיך געהאט מייאש געווען. געמיינט, אַז ער וועט פאַרבלייבן אַן אַלטער בחור. מיט אַ פּאָר חדשים צוריק איז ער אַלט געוואָרן פינף

און דרײסיק יאָר. פֿון די צװײ ייִנגערע טעכטער, שױן לאַנג פֿאַרהײראַטע, האָט זי אַ סך נחת. צװײ װױלע אײדעמס, פֿינף אײניקלעך.

יעדעס מאָל, װען זי פֿלעגט מיט אים אַ שמועס טאָן, אַז ס'איז שױן די העכסטע צײַט צו ענדערן זײַן אַרט לעבן, פֿלעגט ער אָנגעבן אַן אַנ־דערן תּירוץ. די ריכטיקע סיבה האָט זי געװוּסט. װי אַ מאַמע פֿלעגט זי אים אױסרעדן דאָס האַרץ, אים באַװײַזן, אַז ער איז גאָרנישט שולדיק, אין אַזעלכע מאָמענטן פֿלעגט ער אומבאַװעגלעך זיצן פֿאַרטראַכט, קוקן אין חלל אַרײַן.

אַלס זיבעצן־יאָריק ייִנגל האָט ער געפֿירט אַ ליבע מיט אַ שול־חבר־טע. בעת אַן עקסקורסיע אױפֿן טײַך, װוּ זײ זענען געפֿאָרן אין אַ שיפֿל, צוזאַמען מיט נאָך חברים, איז געשען דאָס אומגליק. פֿון צופֿיל משא האָט זיך דאָס קלײנע שיפֿל איבערגעקערט. דאָס מײדל איז דעמאָלט דערטרונ־קען געװאָרן. דאָס בילד איז אים אײַנגעקריצט געװאָרן אין זכּרון. דאָס איז געשען פֿאַר זײַנע אױגן.

ער האָט זיך באַטראַכט פֿאַר אַן אומדירעקטן שולדיקן, װײַל דאָס מײדל האָט דעם פֿרימאָרגן נישט געװאָלט מיטפֿאָרן. ער איז דעמאָלט געװען צו איר צודרינגלעך. דאָס האָט אױף אים געװירקט פּסיכיש. פֿון אַ זאָרגלאָזן פֿרײלעכן בחור, איז ער געװאָרן אַ טיף ערנסטער מענטש, אױסגעמיטן די חבֿרלעכע צוזאַמענקונפֿטן, בפֿרט פֿרױען־געזעלשאַפֿט, זיך אַרײַנגעלאָזט אין לערנען, פֿלײַסיק שטודירט. צו יענער צײַט האָט ער גע־האַט די מעגלעכקײט דערצו. דער פֿאָטער זײַנער, שאול ריקװערט, אַ באַ־קאַנטע פֿיגור אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון בוענאָס־אײַרעס, מיט אַ גו־טער עקאָנאָמישער פּאָזיציע, האָט געהאַט אַספּיראַציעס, אַז זײַן זון זאָל כאָטש האָבן דעם דאָקטאָר־טיטל.

מיטאַמאָל איז דער פֿאָטער ערנסט קראַנק געװאָרן. בנימין האָט גע־מוזט אױפֿגעבן דאָס שטודירן. זיך אָפּגעבן מיט זײַן פֿאָטערס געשעפֿטן, צו װעלכע ער האָט זיך אַבסאָלוט נישט צוגעפּאַסט. װען זײַן פֿאָטער איז געשטאָרבן, זענען זײ שױן געװען שטאַרק פֿאַראָרעמט. סוף כּל סוף האָט זיך דאָס געשעפֿט ליקװידירט.

ער איז אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ גרױס געשעפֿט אַלס בוכהאַלטער,

צו דער אַרבעט האָט ער זיך אויסגעטויגט. ער האָט פאַרדינט צו פירן אַ נאָרמאַל לעבן. געוווינט האָט ער ביי דער מוטער אין אַ זייער באַקווע־מער וווינונג, געבליבן פון די בעסערע צייטן, אויסגעמעבלירט מיט קאָמ־פאָרט, ווי מען זעט עס ביי די גוט סיטואירטע פאַמיליעס.

דעם זונטיק, וואָס בנימין האָט געדאַרפט ברענגען מאַרטאַן אין שטוב אַריין, איז רחל ריקווערט אויפגעשטאַנען פריער ווי געוויינלעך. זי איז שוין געווען אָפּגעווינט צו קאָכן פאַר אַ סך מענטשן. און דאָ האָט גע־דאַרפט קומען די גאַנצע פאַמיליע. אַביסל שפּעטער זענען געקומען די טעכטער און איר צוגעהאַלפן.

ווען דער מאַן אירער האָט געלעבט, איז ביי אַלע וויכטיקע יום־טובים זיך צוזאַמענגעקומען די פאַמיליע. ווען זי איז געוואָרן אַן אלמנה, האָט זי געוואָלט אָנהאַלטן די טראַדיציע, אָבער עס איז געווען איבער אירע כוחות, אַז עס פלעגט קומען אַ יום־טוב צי אַ זונטיק, פלעגט זי פאַר־ברענגען ביי די קינדער. אָבער דעם זונטיק האָט זי געמאַכט אַן אויסנאַם מיט דעם אויסדריקלעכן ווונטש, אַז די ערשטע אויפנאַמע זאָל פאָרקו־מען ביי איר אין שטוב.

צו דער אָפּגערעדטער צייט איז בנימין געקומען צוזאַמען מיט מאַר־טאַן. נאָך דעם קעגנזייטיקן פאָרשטעלן זיך, האָט מאַרטאַ פון ערשטן מאָמענט אַן געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק. דאָס איז געווען אַ בילד־שיינע פרוי פון מיטעלן וווקס, אַ בלאָנדע, מיט גוטע מאַנירן. זי איז געווען יינגער פון בנימינען מיט אַן אַכט יאָר. אַ צוגעלאָזענע, האָט זי באַלד געוווּנען די סימפּאַטיע.

די פרויען האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס. דער טאָן איז גע־ווען אַ זעלטן פריינטלעכער, אַ פאַמיליאַרער. די מוטער, מיט אַ שטראַלנ־דיקן פּנים, האָט זיך אירע אייגענע אויגן נישט געקאָנט גלויבן, אַז איר בנימין, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר אַ שעמעוודיקן, זאָל זיך אָפּזוכן אַזאַ שיינע כלה... די שוועסטערס האָבן אַרויסגעוויזן אָפענע צופרידנקייט און די שוואָגערס האָבן אים גוט־ברודעריש געקלאַפּט אין פּלייצע און דערביי צוגעוווּנקען מיט אַן אויג, ווי אייגער זאָגט: — טויגסט זיך אויס!

מען האָט זיך אויסגעזעצט ביים טיש. די פרויען האָבן דערלאַנגט

דאָס עסן. די אַטמאָספער איז געווען ביז גאָר אַ גוטע. אַפּטמאָל האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מאַרטאַ איז שוין פון לאַנג אַ מיטגליד פון דער משפחה.

בנימין, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן נעבן מאַרטאַן, האָט זעלטן ווען גענומען אַנטייל אין די אַלע געשפּרעכן. די איינציקע ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט פון זיין מויל, זענען געווען דאָס אומפאַרמייד־לעכע מוזן ענטפערן יאָ אָדער ניין. ער איז געווען אומגעדולדיק נערוועיש. די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט האָט מען געשאַנקען מאַרטאַן, אַזוי אַז אים האָט מען גאָרנישט באַמערקט. די איינציקע, וואָס האָט זיך געגעבן רע־כענונג, אַז בנימין איז נישט מיט אַלעמען, איז געווען מאַרטאַ. שטילער־הייט האָט זי אים געפרעגט: — „וואָס פאַסירט מיט דיר?" — ער האָט געגעבן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער.

נאָכן פאַרענדיקן דעם מיטיק, וואָס האָט זיך פאַרצויגן לאַנג, האָבן די שוואָגערס זיך אַוועקגעזעצט שפּילן אַ שאַך־פּאַרטיע. די פרויען האָבן אַראָפּגענומען פון טיש, צוגערוימט די שטוב. די מוטער, אַביסל אַ מידע, האָט זיך צוגעלייגט אויפן בעט, אַנבאָטנדיק דאָס זעלבע צו טאָן מאַרטאַן. אין שטוב האָט געהערשט ממש אַן אידילישע שטימונג. נאָר איין בנימין האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די שטובן, נישט קאָנענדיק אויסבאַהאַלטן זיין נערוועזיטעט, וואָס האָט זיך מיט גאָרנישט צוגעפּאַסט פאַר דעם גע־געבענעם מאָמענט.

נאָך דער „סיעסטאַ" האָט זיך די פאַמיליע נאָכאַמאָל אַוועקגעזעצטביים טיש. די פרויען האָבן אָנגעהויבן סערווירן אַ מאַטע. די ערשטע האָט זיך אָפּגערופן די מוטער:

— נו, קינדער, איצט וועלן מיר ריידן תכלית. — און ווענדנדיק זיך צו מאַרטאַן האָט זי געזאָגט:

— דעם ערשטן איינדרוק, וואָס דו האָסט געמאַכט אויף אונדז, איז זייער אַ גוטער. אויב בנימין האָט דיך פאַרבעטן אין שטוב אַריין, איז עס פאַר אונדז אַ סימן, אַז איר מיינט עס ערנסט. איר זענט דאָך שוין נישט קיין יונגע קינדער. מען קאָן זיך דורכריידן אָפן. אָבער פריער פאַר אַלץ וויל איך זיך באַקענען מיט דיינע עלטערן.

— עלטערן... — האָט זיך אָפּגערופן מאַרטאַ און דערביי געפּילט

ווי דאָס בלוט קומט איר אין פּנים אַריין — איך האָב שוין לאַנג נישט קיין עלטערן.

— דו ביסט אַ יתומה? — האָט די מוטער געפרעגט, אַרויסזאָגנדיק די ווערטער פול מיט רחמנות — וויל איך זיך באַקענען מיט דיינע נאָ־ענטע פאַמיליאַרן.

— „פאַמיליע" — האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען מאַרטאַ, — איך האָב זי יאָ און איך האָב נישט...

— איך פאַרשטיי דיך נישט, מאַרטאַ, וועלכער מענטש האָט דאָס נישט קיין פאַמיליע? ווו וווינסטו? — האָט ווייטער געצויגן די ווערטער בנימינס מאַמע.

— אין אַ פּענסיאָן.

— אין אַ פּענסיאָן? — האָבן אַלע מיטאַמאָל אויסגעשריען, און זייערע אויגן האָבן אויסגעדריקט פאַרווּנדערונג, האָבן געקוקט דאָ אויף מאַרטאַן און דאָ אויף בנימינען.

די גוטע שטימונג, וואָס האָט אָנגעהאַלטן כמעט אַ גאַנצן טאָג, האָט זיך מיטאַמאָל געענדערט. מאַרטאַ האָט געפילט, אַז די סימפּאַטיע, וואָס זי האָט געהאַט געוווּנען פון די מענטשן, איז מיטאַמאָל אויסגערונען. אַלע מינוט האָבן זיך ביי איר געביטן די קאָלירן פון איר פּנים. מיט אַמאָל האָט זי זיך האַסטיק געגעבן אַ שטעל אויף, צוגעגאַנגען צו בנימינען:

— ווייזט אויס, אַז דו האָסט דיין פאַמיליע גאָרנישט איבערגעגעבן.

אָנכאַפּנדיק זיך מיטביידע הענט ביים קאָפּ, האָט זי אָנגעהויבן ספּאַזמאַטיש צו וויינען און דערביי געזאָגט:

— בענכאַמיק, פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי פאַרשעמט? פאַרוואָס? פאַרוואָס?...

דאָס וויינען האָט געשטיגן וואָס אַמאָל מער און מער, ביז זי האָט באַקומען אַ נערוון־אַטאַקע. די פרויען האָבן זי אַוועקגעלייגט אויפן בעט, זיך באַמיט זי צו באַרואיקן מיט פאַרשיידענע מיטלען — ביז זי איז איינגעשלאָפן.

די נאַכט האָט אָנגעהויבן צופאַלן. אַזוי, אין דער פינצטער, זענען די שטוב־מענטשן געזעסן, נישט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט. די מוטער

האָט אין זיך שטילערהייט געשטיקט די טרערן. איר זונס מאָדנע האַנד־לונג האָט זי בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט איז נישט דער פּאַסיקער מאָמענט אים צו מאַכן פאָרווורפן. אַלע מינוט איז מען אַריינגעגאַנגען אין שלאָפצימער זען צי מאַרטאַ האָט שוין דערוואַכט. ווען זיי האָבן דערהערט דאָס שטילע אָנרופן בנימינס נאָמען, האָבן די דריי פרויען זיך אַוועקגעזעצט נעבן בעט. דאָס קליינע נאַכט־לעמפּל, וואָס האָט מיט אַ מאַטע שיין באַלויכטן דאָס גרויסע צימער, האָט אָנגעפילט דעם חלל מיט אַ מיסטישער שטימונג. די פרויען האָבן אָנגע־הויבן צו ריידן מיט טרייסט־ווערטער צו מאַרטאַן. זיי האָבן נישט געמיינט חלילה זי צו באַליידיקן, ס׳איז נאַטירלעך, אַז זיי ווילן וויסן מער אייגנצל־הייטן פון איר פערזאָן. נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט מאַרטאַ אָנגעהויבן:

— איך וועל אייך איבערגעבן מיין לעבנס־געשיכטע, וואָס ביי אַ גע־לעגנהייט האָב איך זי דערציילט בענכאַמינען. איך בין געווען זיכער, אַז איר ווייסט פון אַלץ... ווען נישט, וואָלט איך אַהער נישט געקומען. אין דעם מאָמענט פיל איך אַ באַדערפעניש אַראָפּצורעדן זיך פון האַרצן. עס איז אַ סך לייכטער דאָס צו טאָן פאַר איין פערזאָן ווי פאַר דריי. אָבער, פאַרפאַלן, מיט מיין פאַרטרויען זיך פאַר אייך, בין איך נישט אויסן איינ־צוקויפן זיך סימפּאַטיע אָדער רחמנות. איך האָב שוין לאַנג שלום געמאַכט מיטן שיקזאַל מיינעם. איך פאַר אויף אַ שיפל אָן רודערער, מיט דעם גלויבן און האָפענונג זיך צו דערשלאָגן צו אַ ברעג. איך לייד איצט די קאָנסעקווענצן פון אַ פאַלשן שריט, וואָס איך בין באַגאַנגען אין מיין יוגנט, און איצט צו דער זאַך.

„ווען מיינע עלטערן האָבן מיך געבראַכט קיין אַרגענטינע, בין איך געווען אַ קינד פון צוויי יאָר. דאָס איז געשען מיט אַ 25 יאָר צוריק. זיי האָבן געשטאַמט פון אַ קליין שטעטל אין פּוילן. אַ קורצע צייט האָבן זיי געוווינט אין בוענאָס־איירעס. דער פאָטער, אָן אַ באַשטימט פאַך, האָט זיך גענומען צו אַמבולאַנטעריי. ער האָט געאַרבעט אין די פּראָווינץ־שטעטלעך וו ער האָט זיך מיט אַ צייט שפּעטער באַזעצט אין אַ קליין שטעטל, זיך איינגעאָרדנט מיט אַ טיענדע און געמאַכט אַ באַשיידן לעבן. די מוטער,

אַ קרענקלעכע, האָט דעם קלימאַט נישט געקאָנט פאַרטראָגן. נאָך אַ לענ־גערער קראַנקייט, איז זי געשטאָרבן...

„דער פאָטער האָט אין אַ קורצער צייט אַרום זיך אַריינגענומען אַ פרוי אַ היזיקע, וואָס זאָל אים פירן די באַלעבאַטישקייט. איך בין דע־מאָלט אַלט געווען זעקס יאָר. איך קאָן נישט לייקענען, די פרוי איז גע־ווען צו מיר זייער גוט, און דעם פאָטער אַרויסגעוויזן געטריישאַפט. זי האָט געהאַט אַ זון פון איר ערשטן מאַן, וואָס איז געווען מיט 5 יאָר על־טער פון מיר. מיר האָבן זיך דערצויגן צוזאַמען. דאָס שטעטל איז געווען זייער אַ קליינס. אינגאַנצן האָבן דאָרט געוווינט צען יידישע פאַמיליעס, וואָס פלעגן זיך אין די וויכטיקע יום־טובים צוזאַמענקומען. די ערשטע צייטן פלעגט מיך מיין פאָטער מיטנעמען. אָבער פאַר מיר איז דאָס אַלץ געווען עקזאָטיש פרעמד. איך האָב קיין יידישע דערציאונג נישט באַקו־מען, אויסער איינציקע ווערטער, וואָס איך האָב צופעליק אויפגעכאַפּט. דער פאָטער פלעגט צו מיר ריידן אין דער לאַנד־שפּראַך, איך האָב זיך באַטראַכט פאַר אַן אַרגענטינערן, כאָטש איך בין געבוירן אין פוילן. די סביבה, מיינע חברטעס, און דאָס פאַרברענגען, איז אַלץ געווען צווישן קריסטן.

„דעם פאָטערס געשעפט האָט זיך פאַרגרעסערט. ס׳איז געווען מער ווי נאַטירלעך, אַז דער זון פון דער פרוי, מיט וועלכן ער האָט געוווינט, זאָל אים צוהעלפן. ווען איך בין געוואָרן אַ רייף מיידל, האָב איך זיך געגעבן רעכענונג, אַז ראָול איז נישט גלייכגילטיק צו מיר. די ערשטע צייט האָב איך אים נישט גענומען ערנסט. ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרויס־צווייזן אָפענע חוצפה, פלעג איך זיך באַקלאָגן פאַר זיין מוטער ווי פאַר מיין פאָטער. זיי פלעגן אים מאַכן פאָרוווּרפן. מיט דעם פלעגן זיך די קליינע אינצידענטן ענדיקן. ווייזט אויס אַז שוין דעמאָלט האָט מיין פאָ־טער געטראַכט זיך צו באַפרייען פון דער פרוי און פאַרקויפן דאָס גע־שעפט און באַזעצן זיך אין אַ גרעסערער שטאָט. ער האָט געטראַכט פון מיר. איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסן מיידל, זיך באַמיט אָפּצוזוכן אַ יידיש יינגל. פון די יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן געוווינט אין שטעטל, איז מיר קיין איין יינגל נישט געפעלן געוואָרן.

„איין מאָל האָב איך געהערט פון אים אַן אויסדרוק, וואָס איז מיר געבליבן אין זכרון: „כ'בין אַרייך אין אַ זומפּ און קאָן נישט אַרויסקריכן". ער האָט געהאַט אַ פּאַרגעפיל, וואָס האָט געדריקט זיין געמיט. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, אין אַ טאָג, איז מיין פאָטער ווי פאַרפאַלן געוואָרן. דאָס גאַנצע שטעטל איז מאָביליזירט געוואָרן אויפצוזוכן אים. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען זיין טויטן קערפּער געפונען אין אַ פעלד, ווייט פון דעם שטעטל... אַ דורכגעלעכערטן מיט קוילן. אַ פאַרברעכערישע האַנט האָט אים דערמאָרדעט. די פּאָליציי האָט זיך באַמיט אויפצוקלערן דעם מאָרד, וואָס האָט זיך אויפן מאָמענט נישט איינגעגעבן. איך בין געבליבן אַליין אויף דער וועלט, אָן פאַמיליע, כאָטש דאָס געשעפט, וואָס מיין פאָטער האָט מיר איבערגעלאָזט, איז געשאַצט געוואָרן אין אַ סך געלט. איך האָב געטראַכט פון פאַרקויפן דאָס געשעפט. דאָ האָט מיר ראַול געמאַכט אַ הייראַט־פאָרשלאַג, כאָטש איך האָב קיין שטאַרקע סימפּאַטיע צו אים נישט געפילט, האָבן אָבער די אומשטענדן געאַרבעט פאַר אים, אַז איך זאָל אים אַקצעפּטירן. דאָס לעבן איז געפלאָסן נאָרמאַל.

„נאָך אַ צייט, ווען מיין פאָטערס טראַגישער טויט האָט שוין גע־האַלטן ביים פאַרגעסן ווערן, איז אין איינער אַ נאַכט געקומען פּאָליציי, אַרעסטירט ראַולן, מיטן באַגרינדעטן חשד, אַז ער איז געווען אַ פאַר־מישטער אינעם מאָרד. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן פאָלגנדעס: צוויי טונ־קעלע פאַרשוינען האָבן זיך צעקריגט ביי אַ קאָרטן־שפּיל אין שטעטלשן קאַפע־הויז, איינער האָט פאַרגעוואָרפן דעם צווייטן מיין פאָטערס טראַ־גישן טויט. מען האָט עס איבערגעגעבן דער פּאָליציי, און נאָך אַן אויס־פאָרשונג האָבן זיי זיך מודה געווען. און דערביי אָנגעוויזן, אַז ראַול האָט זיי אָנגערעגט צו דעם, באַצאָלנדיק פאַר דעם אַ געוויסע סומע געלט... כאָטש ער האָט זיך נישט מודה געווען, איז געווען איין עדות וואָס זאָל האָבן געזען ראַול אין יענער טראַגישער נאַכט אין דער געזעלשאַפט פון די צוויי מערדערס. ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו אַכט יאָר תפיסה. איך דאַרף אייך נישט זאָגן — האָט מאַרטאַ, נאָך אַ קורצן איבעררייס ווײ־טער געזאָגט — ווי דאָס אַלץ האָט זיך געלייגט אויף מיין געמיט־צו־שטאַנד... געווען מאָמענטן, וואָס איך האָב געמיינט, אַז איך וועל משוגע

ווערן פון טראַכטן און נאָכטראַכטן. אין שטוב פלעגן מיר אַרומגיין און איינער דעם צווייטן האָט אין די אויגן נישט געקענט קוקן. מיט אַ צוויי יאָר צוריק האָב איך באַקומען אַ בריוו פון דער תפיסה־דירעקציע, אַז ראָול, ביים פרווון אַנטלויפן, האָט פאַרלוירן דאָס לעבן. איך ווייס נישט, מיינע טייערע, צי איך וועל זיין אומשטאַנד אייך איבערצוגעבן די איבערלעבונג, ווען איך האָב באַקומען דעם בריוו. פון איין זייט איז מיר געווען אַ שאָד זיין יונג לעבן. אין מיינע געשפּרעכן מיט אים אין דער צייט פון זיין אַרעסט, האָט ער פאַר מיר געשווירן אַז ער איז אומשולדיק. ער האָט מיט מיין פאָטער די גאַנצע צייט האַרמאָנירט. זיך באַצויגן צו אים מיט רעספּעקט. ס׳איז נישט געווען קיין מאָטיוו צו אַזאַ עקסטרעמען שריט. פון דער אַנדערער זייט האָב איך געפילט, אַז עס איז געקומען אַ סוף צו מיינע ליידן. ביי מיינע יונגע יאָרן האָב איך דאָס רעכט צו געניסן פונעם לעבן און אָנהייבן פון דאָס ניי...

„פון בלייבן אויפן אָרט איז נישט געווען קיין רייד. איך האָב באַשלאָסן אַלעס צו ליקווידירן, פאַר וועלכן פרייז עס זאָל נישט זיין. איך האָב דער פרוי געגעבן אַ געוויסע סומע געלט און מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק בין איך געקומען קיין בוענאָס איירעס. צווישן די פּאַפּירן פון מיין פאָטערס אַרכיוו האָב איך געפונען בריוו פון בוענאָס איירעס, ווו ער האָט געהאַט ווייטע קרובים און לאַנדסלייט פון דער אַלטער היים. מיט אַ סך יאָרן צוריק, ביי אַ געלעגנהייט, האָט דער פאָטער מיך מיטגענומען אויף אַ חתונה. ביים אַוועקפאָרן פונעם שטעטל האָב איך מיטגענומען די אַדרעסן מיטן געדאַנק צו באַזוכן די מענטשן, אָבער קומענדיק אַהער, האָב איך געענדערט דעם פּלאַן, צוליב מאָטיוון, וואָס איך אַליין קען זיי נישט אויפקלערן. איך האָב זיך אַריינגעצויגן אין אַ פּענסיאָן. אָנגעהייבן זוכן באַשעפטיקונג. דורך אַנאָנסן אין די צייטונגען בין איך אָנגעקומען אַרבעטן אין דעם זעלבן געשעפט־הויז, ווו אייער זון און ברודער איז באַשעפטיקט שוין איייניקע יאָר. פון ערשטן טאָג אָן האָט בענכאַמין געזוכט מיין פריינטשאַפט. איך האָב זיך געהאַלטן די ערשטע צייטן רעזערווירט. איך בין אָבער אַן עלנטע דאָ אין בוענאָס איירעס, נישט קיין קרוב, נישט

קיין גואל. די אַרבעטס־טעג זענען ווי ס׳איז אדורך, אָבער שבת אָוונט, אין די זונטיקן, אַ פרוי אַליין...

„איינמאָל האָב איך אַקצעפּטירט בענכאַמינס איינלאַדונג צו גיין אין אַ קינאָ. פון דעמאָלט אָן גייט ער מיר נאָך ווי אַ שאָטן. איך וועל אים פאַר אייך נישט גיין לויבן, אַז ער געפעלט מיר. איין זאַך, ער האָט זיך אימפּאָנירט מיט זיין ערנסטקייט. מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, ווען ער האָט אויסגעדריקט זיינע געפילן, אַז ער וויל זיך פאַרבינדן מיט מיר, האָב איך אים אָפנהאַרציק געזאָגט, אַז איך בין אין צווייפל צי ווען ער ווייסט מיין לעבן, וואָלט ער עס אויך געטאָן. ביי אַ געלעגנהייט האָב איך אים אַלץ ווי איצטער פאַר אייך איבערגעגעבן מיין פאַרגאַנגענהייט. פון דעם טאָג אָן האָט ער אָנגעהויבן אַרויסווייזן מער אינטערעס צו מיר, אַז עס אינטערעסירט אים נישט מיין פאַרגאַנגענהייט, ווען די צוקונפט איז אים ליב. ווען ער האָט מיך פאַרבעטן צו אייך אויף מיטיק, בין איך געווען זיכער, אַז איר ווייסט פון אַלעם... מעגלעך, אַז ער האָט נישט געהאט די דרייסטקייט, אָדער ווען איר ווייסט, וואָלט איר מיך נישט געוואָלט אויפנעמען. ער האָט געהאט אינטערעס, אַז איר זאָלט זיך מיט מיר באַקענען. ביים באַקענען אַ נייעם מענטשן, איז דאָס וויכטיקסטע דער ערשטער איינדרוק...

„און איצט, מיינע טייערע, דאַנק איך אייך פאַר דער אויפנאַמע און פאַרן פאַרברענגען אַ טאָג מיט אייך. גלייכצייטיק בעט איך ביי אייך אַנטשולדיקונג, וואָס איך האָב אייך פאַרשאַפט מאָמענטנווייז אומאנגענעמלעכקייטן. דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב אייך צו זאָגן. דאָס איבעריקע לאָז איך איבער פאַר אייך. כדי צו זיין אויפריכטיק, פיל איך, אַז מיר וואָלטן געווען אַ גליקלעך פּאָר. עס איז מיר זייער פאַרמיאוסט דאָס לעבן, די איינזאַמקייט, נישט האָבנדיק מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט לייגט זיך שווער אויף מיין געמיט... איך ווייס אַליין נישט ווי דאָס אַלץ וועט זיך פאַרענדיקן.״

מאַרטאַ איז אַראָפּ פון בעט, אָנגעהויבן צו ברענגען אין אָרדענונג איר טואַלעט, פריזור. די דריי פרויען האָבן זיך אָנגעקוקט, און זייערע בליקן, וואָס זיי האָבן צוגעוואָרפן מאַרטאַן, האָבן אויסגעדריקט איינזען

און מיטגעפיל. ערשט איצט האָבן זיי אָנגעהויבן באַטראַכטן און אָבסער־
ווירן אַלע אירע באַוועגונגען. זיי האָבן נישט געצווייפלט אין דער אויפ־
ריכטיקייט פון אירע ווערטער. ווען מאַרטאַ האָט גענומען דעם מאַנטל
און היטל, זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג, האָבן די דריי פרויען זיך מיט־
אַמאָל אויפגעשטעלט און פאַרשטעלנדיק איר דעם וועג, געזאָגט מיט
איין קול: — מאַרטאַ, דו בלייבסט מיט אונדז!

אין מאַרטאַס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. אָבער דאָס זענען גע־
ווען טרערן פון פרייד און צוזאָגנדיקן גליק.

